פ. קערזשענצעוו און א. לעאָנטיעוו

# אלעפבייז
## פון
# לענינזם

הילפס-בוך פאר פארטיי-שולן
און פאר זעלבסטבילדונג

## צווייטער טייל

2-טע איבערגעארבעטע אויפלאגע
פאר די אידישע פארטשולן לויט
דער 7-טער רוסישער אויפלאגע.

פארבעצ [illegible] נין

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע
1929

# קאפיטל X. די פארטיי-אופגאבן אינם געביט פון דער לאנדווירטשאפט

די צעגלידערונג פונעם דאָרף אין די סאָוועטישע באדינגונגען. — די אויפשטעלונג פון דער לאנדווירטשאפט. — די טוואַר-פּראָדוקציע שטייט שטאַרק אָפּ. — די קלאסן-פּאָליטיק פון דער פארטיי אין דאָרף. — דער וואוקס פון דער לאנדווירטשאפט לויטן פינפיאָריקן פלאן. — צי באמערקט זיך בא אונז א דעגראדאציע פון דער לאנדווירטשאפט. — די אָרעם מיטלפויערשע קאָאָפּעראציע איז א גאראנטיע פארן ניצאָכן איבערן באלעגוף. — דער וווּקס פון קאָאָפּעראציע אין דאָרף. — פּראָדוצירן-פאריינִיקונגען אין קאָלכאָזן. סאָווכאָזן — דער אוואנגארד פון קאָלעקטיווער ערד-ארבעט. — די פארגעזעלשאפטלעכונג אין דער לאנדווירטשאפט פארן פינפיאָריקן פלאן. — מאשין-טראקטאָרישע סטאנציעס — די פירנדיקע ראָלע פון דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט. — קאָנטראקטאציע. — לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. — קינסטלעכע באמיסטיקונג. — אינדוסטריאליזאציע פון דער לאנדווירטשאפט.

## 1. דער אויפשטייג פון סאָוועטישן דאָרף

### די צעגלידערונג פונעם דאָרף אין די סאָוועטישע באדינגונגען

קיינער וועט ניט לייקענען, אז אין די איצטיקע באדינגונגען אונטערשיידט זיך דאָס דאָרף שטאַרק פונעם פאַר-רעוואָלוציע-דאָרף. דאָס ארבעטנדיקע פויערטום האָט זיך באַפרייט פון דווירעס לאנגן יאָך.

קלאָר, אז אויך איצט רינט נאָך ניט אין דאָרף קיין מילך און האָניק. די פיליאָריקע גויט, כורבן און אָפּגעשטאַנענקייט קאָן מען מיט איינמאָל ניט פאַרגיכטן. דעריקער איז אָבער, אז דאָס דאָרף גייט אַפן ריכטיקן וועג צו א בעסערער צוקונפט. דעמדאָזיקן וועג האָט געעפנט די אָקטיאַבר-רעוואָלוציע.

נאָך דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן דער פּאָרעץ, וואָס איז ווי א שפּין געזעסן אַפן קערפּער פונעם פויערטום. אין די הענט פון די פויערים איז אַריבער 55 מיליאָן העקטאר ערד, וואָס האָט פריער געהערט צו די פּריצים, קלויסטערס, דער צארישער פאמיליע א. א. וו. די רעוואָלוציע אין דאָרף האָט אויך אונטערגעהאַקט די פיס דעם באַלעגוף. קימאַט 55 מיליאָן העקטאר ערד איז אַריבער פון די באַלעגופים אין די הענט פון די אָרעמע און ווייניק פאַרמעגלעכע פויערים. די פריערדיקע אנערדיקע פויערים, די געוועזענע פריצישע באַטראַקעס האָבן באַקומען ערד. עס האָט זיך באַוויזן

אַ מאַסע נייע קליינע און קלענסטע ווירטשאַפטן. אין די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן איז פאָרגעקומען דאָס „פאַנאַנדערבאַלעגופּעגען“. דאָס דאָרף האָט זיך אויסגעגלייכט, דער אַמאָליקער שאַרפער אונטערשייד צווישן די באַזונדערע שיכטן פּויערים איז פאַרשוואונדן. דאָס פּויערטום איז געוואָרן אַ מיטלפּויעריש. אַסאַך אָרעמפּויערים האָבן זיך אויפגעהויבן ביז דער שטופּע פון אַ מיטלפּויערשער ווירטשאַפט. אַסאַך געוועזענע באַלעגופים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן און געוואָרן מיטלפּויערים. נאָך דער רעוואָלוציע האָבן די מיטלפּויערים אין דאָרף אָנגעהויבן צו בילדן די *איבערוועגנדיקע מערהייט* פּויערים.

דער נעפּ האָט געעפנט אַ פּעריאָד פון זייער צעגלידערונג אין דאָרף. מיר האָבן שוין געזען, אַז בײַ דער צעשטויבטער קליינער ווירטשאַפט און פרייהייט פון האַנדל אַנטשטייט אומפאַרמיידלעך דער קאַפּיטאַליזם, עס באַווייזט זיך עקספּלואַטאַציע. איינער ווערט רייכער, דער צווייטער ווערט כאָרעוו. בײַ דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל איז פאַראַן מיטלפּויערטום פאַראַן *בלויז איין וועג*. דאָרט גייט אַ שטענדיקע *צעגלידערונג* פונם מיטלפּויערישן שיכט, עס קומט פאָר אַ צעגלידערונג (דיפערענציאַציע) פונם דאָרף. יענע צעגלידערונג, וואָס קומט פאָר אינם סאָוועטישן דאָרף, אונטערשיידט זיך זייער פון דער צעגלידערונג פונם פּויערטום בײַ דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל. בײַ דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע העלפט די גאַנצע אַטמאָספער מיט דער באַלעגוף זאָל רייכער ווערן. בײַ אונדז איז גאָר אַן אַנדער בילד.

דער וואוקס פונם באַלעגוף האָט באַשטימטע ראַמען, וואָס איז ניט פאַראַן אין קיין איין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. ער קאָן ניט קויפן קיין ערד; די גאַנצע ערד איז אַן אייגנטום פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, זי איז נאַציאָנאַליזירט. נעמט ער אַן אַרבעטער, מוז ער אויספילן די סאָוועטישע געזעצן, וואָס באַשיצן דעם לאַטראַק פון עקספּלואַטאַציע. די ערד־אַרענדע איז בײַ אונדז באַגרענעצט. אין אונדזערע בע״ק באַקומט ניט דער באַלעגוף קיין קרעדיט, אין דער ערד־געזעלשאַפט, וועלכע באַשליסט אַלע דאָרפס־איניאָנים, האָט דער באַלעגוף קיין שטימרעכט ניט. ער קאָן ניט קויפן פריי קיין גרויסע מאַשינעס, דורך וועלכע ער זאָל קענען עקספּלואַטירן זיינע שכיינים. און כוץ אַלעמען, דאַרף דער באַלעגוף צאָלן אַסאַך מער שטייערן, איידער דאָס איבעריקע פּויערטום.

קלאָר, אַז דער באַלעגוף סטאַרעט זיך צו באַהערשן דאָס דאָרף, עס פאַרקנעכטן, ווערן דער רעדלפירער אין דאָרף. דאָס איז אָבער ניט אַזוי גרינג אין אונדזערע באַדינגונגען. די פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מעלוכע איז צו באַקעמפן דעם באַלעגוף. גלייכצייטיק גיט די סאָוועטן־מאַכט גרויסע הילף דער ווייניק־פאַרמעגלעכער מאַסע פּויערים, ראַטעוועט זי אַזוי אַרום פון באַלעגופישן יאָך. דער אָרעמער און מיטלפּויער באַקומען גרויסע ווירטשאַפטלעכע הילף מיצאַד דער סאָוועטישער מעלוכע. דער קאַפּיטאַליזם ווייס בלויז צוויי וועגן פאַר דער אַרבעטנדיקער פּויערשער ווירטשאַפט: אָדער אַרויף, אין די רייען פון באַלעגופים־עקספּלואַטאַטאָרס, — אָדער אַראָפּ, דורך רואינירונג — אין די רייען פון עקספּלואַטירטע באַטראַקעס. די סאָוועטן־מאַכט עפנט גאָר אַן אַנדער וועג — דעם וועג פון פאַראייניקונגען, *דעם קאָאָפּעראַטיוון וועג צום סאָציאַליזם*.

דער דאָזיקער וועג איז אַ לאַנגער, ער איז אויסגערעכנט אויף אַסאַך יאָרן. די סאָוועטן־מאַכט העלפט מיט דער ווייניק פאַרמעגלעכער פּויערשער ווירטשאַפט אין איר טאָג

מענלעכער אַרבעט, אין איר אַנטוויקלונג. העכער אַ דריטל פויערשע ווירטשאַפטן (35%) — דידאָזיקע ציפער כאַפט אַרום די הויפט־מאַסע אָרעמקייט — ווערט באַ אונז באַפרייט פון שטייערן. אין די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען פאַרשנעלערן די שטייערן די רואינירונג פון דער קליין־ווירטשאַפט. דאָס פויערטום באַקומט שטיצע דורך האַלוואָעס. אַ טייל פויערשע ווירטשאַפטן איז באַפרייט געוואָרן פון באַצאָלן די זריע־האַלוואָעס. ס'זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין דאָרף מאַשינעס אַף גרויסע סומען. זיי ווערן אין דער ערשטער ריי פאַרטיילט צווישן דער אָרעמער און מיטלפויערשער באַפעלקערונג און ווערן געגעבן אין קרעדיט אַף זייער לגאָטנע באַדינגונגען. אַסאַך מיטלען האָט די סאָוועטן־רעגירונג פאַרוועגדט אַף דורכצופירן די ערד־איינאָרדענונג, אַף אי־בערוואַנדערונג, אַף געבן דעם דאָרף אַגראָנאָמישע און וועטערינאַרע הילף.

## די אויפשטעלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט

נאָך דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און דעם בירגער־קריג איז די לאַנדווירט־שאַפט שטאַרק כאָרעוו געוואָרן. דער הונגער אין 1921 י. האָט נאָך מער אַרונטערגעריסן די קויכעס פון דאָרף. ערשט פון 1922 י. האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהיילן די וואונדן. די מעלוכישע הילף פאַר דער הויפט־מאַסע פויערים האָט דאָ געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע. פאַר די 5 יאָר האָט די לאַנדווירטשאַפט ניט נאָר דעריאָגט דעם פאַרמילכאָמע־צושטאַנד, נאָר אין אייניקע געביטן אַפילע איבערגעיאָגט די ביזמילכאָמע־נאָרמעס.

ניט געקוקט אַף דער ווייטערדיקער צעגלידערונג אין דאָרף, האָט דער מיטלפויער זיך פאַרפעסטיקט אַלס די צענטראַלע פיגור פון אונזער לאַנדווירטשאַפט. גלייכצייטיק האָט זיך אויך פאַרבעסערט די לאַגע פון די אָרעמע און מיטלפויערשע ווירטשאַפטן. זיי האָבן פאַרגרעסערט די צאָל פּראָדוציר־מיטלען, זייער אַגריקולטור־ניוואָ האָט זיך אויפגעהויבן.

די באַזאָרגונג מיט אַרבעטער־פי וואַקסט פון יאָר צו יאָר. די צאָל לאַנדווירטשאַפט־לעכע מאַשינעס האָט איבערגעשטיגן די פאַרמילכאָמעדיקע. די צווישן־דאָרפישע ערד־איינאָרדענונג האָט אַרומגעכאַפט קימאַט אַ דריטל פונם גאַנצן ערד־שעטאַך, אין די דערפער גופע — קימאַט אַ פינפטל. דער שעטאַך מיט אַ פילפעלדיקן פאַרזיי איז אויסגעוואַקסן ביז 10 מיליאָן העקטאַר. דער שעטאַך, וואָס איז פאַרזייט מיט סאָרטאָווע זריע וועט אין 1929 י. אַרומכאַפן קימאַט אַ צענטכיילעק פונם גאַנצן פאַרזייאונגס־שעטאַך מיט ברויט־קולטורן. אַ ריי טעכנישע קולטורן וואָס פלעגן ביז הער רעוואָלוציע געזייט ווערן בלויז אַף די פּריצישע נאַכלעס, זיינען פעסט אַריינגעדרונגען אַף די פויערשע פעלדער (בורעקעס, לעמאָשל), דער פאַרזיי־שעטאַך פון די טעכנישע קולטורן האָט איבערגעיאָגט דעם פאַרמילכאָמעדיקן מער ווי אַף 60 פּראָצענט.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט הויבט אָן אַרומכאַפן אויך לאַנד־ווירטשאַפט־געביט נאָכן צווייטן (די פוטער־איבעראַרבעטונג, פלאַקס, קאַרטאָפל, בוריקעס, גרינס, פיצוכט־רויוואַרג א. א. וו.). די באַזאָרגונג מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס איז אין 1928/29 י. אין 2 מיט אַ פערטל מאָל העכער פון דער פאַרמילכאָמעדיקער. צום

ערשטן מאָל ווערן אַף די פויערשע פעלדער באַנוצט מינעראַלע באַמיסטיקונגען. טראַקטאָרס, וואָס פלעגן ביז דער רעוואָלוציע אינגאַנצן ניט באַנוצט ווערן אין דער פויערשער ווירטשאַפט, ווערן פון יאָר צו יאָר אַלץ מער פאַרשפּרייט (אין 1928/29 י. וועט די צאָל טראַקטאָרס דערגרייכן ביז 36.000).

## די טווע-פראָדוקציע שטייט שטאַרק אָפּ

ניט געקוקט אַף אָט די אַלע דערגרייכונגען אין געביט פון לאַנדווירטשאַפט, באַגעגענען מיר זיך אַדהאַיאָם מיט גרויסע שוועריקייטן. דער מאָך פון די דראָזיקע שוועריקייטן ליגט אין דעם, וואָס די ברויט=פראָדוקציע שטייט זייער אָפּ.

דאָס רופט אַרויס אַ מאַנגל אין ברויט. אין די שטעט און אַרבעטער=צענטרען קומט אויס צו רעגולירן דעם ברויט=געברויך, קעמפן מיט ניט ראַציאָנעלער ברויט=אויסנוצונג, סעגן האָדעוועו פי מיט ברויט א. ד. גל.

וואו ליגט די סיבע פון דיזאָזיקע שוועריקייטן?

ווי מיר האָבן שוין געזעען, איז אַ גרויסער טייל פריצישע ערד אַריבער אין די הענט פון דער אָרעמער און מיטעלער מאַסע פויערטום. די קראַפט פונם באַלעגופישן קעפּל אין דאָרף איז שטאַרק אָרונטערגעריסן.

דער גרעסטער טייל ברויט=גערעטעניש ווערט אַראָפּגענומען אין די קליינע פויערשע ווירטשאַפטן. דיזאָזיקע ווירטשאַפטן פאַרקויפן געוויינלעך נאָר אַ נאָרהעלט=גיסטעסיק קליינעם טייל פון זייער ברויט.

| | די טאַכאַקל-פראָדוקציע פון ברויט | | כבוירע-ברויט (אויסערן דאָרף) | | % סכוירעדיקייט |
|---|---|---|---|---|---|
| | מיל. פוד | % | מיל. פוד | % | |
| פאַר דער מילכאָמע: | | | | | |
| 1. פריצים . . . . . . . . . | 600 | 12,0 | 281,6 | 21,6 | 47 |
| 2. באַלעגופים . . . . . . . . | 1.900 | 38,0 | 650,0 | 50,0 | 34 |
| 3. מיטעלע און אָרעמפויערים . . . | 2.500 | 50,0 | 369,0 | 28,4 | 14,7 |
| סאַכאַקל . . . . . . | 5.000 | 100 | 1.300,6 | 100 | 26 |
| אין 26/27 יאָר: | | | | | |
| 1. סאָווכאָזן און קאָלכאָזן . . . . . | 80,0 | 1,7 | 37,8 | 6,0 | 47,2 |
| 2. באַלעגופים . . . . . . . . | 617,0 | 13,0 | 125,0 | 20,0 | 20,0 |
| 3. מיטעלע און אָרמפויערים . . . | 4.052,0 | 85,3 | 466,2 | 74,0 | 11,2 |
| סאַכאַקל . . . . . | 4.749,0 | 100 | 630 | 100 | 13,3 |

# די סכוירעדיקייט פון דער לאנדווירטשאפט פאר דער מילכאָמע (אין טויזנטער פּאָן)

| | % סכוירעדיקייט | % | סכוירע-ברויט אויסערן דאָרף | % | די סאכאקל-פּראָדוקציע פון ברויט |
|---|---|---|---|---|---|
| פריצים | 47 | 22 | 4613 | 12 | 9828 |
| באלעגופים | 34 | 50 | 10647 | 38 | 31123 |
| מיטעלע און אָרעם-פויערים | 15 | 28 | 6044 | 50 | 40951 |
| סאכאקל | | 00 | 21304 | 100 | 81903 |

## אין 1926—1929 יאָרן (אין טויזנטער פּאָן)

| | % סכוירעדיקייט | % | סכוירע-ברויט (אויסערן דאָרף) | % | די סאכאקל-פּראָדוקציע פון ברויט |
|---|---|---|---|---|---|
| ראטווירטן און קאָלווירטן | 47 | 6 | 619 | 2 | 1310 |
| באלעגופים | 20 | 20 | 2064 | 13 | 10107 |
| מיטעלע און אָרעם-פויערים | 11 | 74 | 7637 | 85 | 66374 |
| סאכאקל | | 100 | 10320 | 100 | 77.791 |

די באַלעגופים, וואָס האָבן אין דער פּאַרמילכאָמע-צייט געגעבן אַ העלפט פונם גאַנצן ברויט צו פאַרקויפן (אָדער, ווי מע זאָגט סכוירע-ברויט), גיבן איצט בלויז אַ פינפטכיילעק. דערפאַר גיט די אָרעם-מיטלפויערשע מאַסע דריי פערטל פונם גאַנצן סכוירע-ברויט.

די באַלעגופים נוצן אויס אַלע שוועריקייטן אין געביט פון ברויט-פאַרגרייטונג. אין די הענט פונם פאַרמעגלעכן קעפּל פון דאָרף, וואָס ציילט אין סאַכאַקל איין צענטל (10%) פון אַלע פויערשע ווירטשאַפטן איז קאָנצענטרירט קימאַט צוויי פינפטל (40%) פונם גאַנצן סכוירע-ברויט. ניט אַלע די ווירטשאַפטן זייַנען באַלעגופישע, די ווירקונג פונם באַלעגוף אַף אַט דעם שיכט איז אָבער געגוג גרויס. די באַלעגופים פּרואוון פאַרהאַלטן די ברויט-רעזערוון און ווילן זיך דערשלאָגן, עס זאָלן געהעכערט ווערן די פרייזן אַף ברויט. זיי ספּעקולירן מיטן ברויט לויט געהעכערטע פרייזן, וועלכע שלאָגן דעם אַרבעטער און די אָרעמקייט.

דער אויסוועג פון אַזאַ לאַגע איז ווי מעגלעך אַנטוויקלען די קאָלעקטיווע גרויסע ווירטשאַפט. אין אונטערשייד פון די קליינע ווירטשאַפטן, וואָס פאַרקויפן בלויז אַ צענטכיילעך פון זייער גערעטעניש, אין אונטערשייד פון דער באַלעגופישער ווירטשאַפט, וואָס פאַרקויפט אַ פינפטכיילעק פון דער גערעטעניש, גיבן די סאָווכאָזן און קאָלכאָזן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע אַביסל ווייניקער פון אַ העלפט ברויט, וואָס ווערט באַ זיי אַראָפּגענומען. די גערעטעניש אין דער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט איז שוין איצטער פיל העכער איידער אין דער צעשטויבטער קליינער ווירטשאַפט. אין אַסאַך ערטער נעמען די סאָווכאָזן אַראָפּ צו 3—3½ טאָן פון אַ העקטאַר.

אַ גרויסע ראָלע שפּילט אָבער אויך דאָס אויפהויבן די גרונט-מאַסע אינדיווידועלע ווירטשאַפטן פון די אָרעמע און מיטלפויערים. צוליב דעם צוועק, האָט די פּאַרטיי דורכגעפירט האַרבסט 1928 דאָס העכערן די פרייזן אַף ברויט דורכשניטלעך אַף 20%. די סאָוועטן-רעגירונג נעמט אָן אַצינד אַ ריי מאָסמיטלען, וואָס דאַרפן שטויסן די גרונט-מאַסן פויערים צו פאַרבעסערן זייער פאַרזייאונגס-שעטאַך, העכערן די גערעטעניש, פאַרבעסערן די ווירטשאַפט. טאַקע צוליב דעם האָט די XIV פּאַרטיי-קאָנפערענץ אָנגענומען אַ ריי באַשלוסן וועגן פאַרגרינגערן די שטייערן פאַרן מיטלפויער. לויטן באַשלוס פון דער קאָנפערענץ ווערט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שטייער אין 1928/29 י. אַראָפּגעזעצט אַף 50 מיליאָן רובל. דער נייער שעטאַך, וואָס ווערט פאַרזייט דורך די אָרעמע און מיטלפויערים ווערט אַף צוויי יאָר אינגאַנצן באַפרייט פון שטייערן. יענע ווירטשאַפטן, וואָס האָבן אַ גרויסע צאָל עסערס, באַקומען לגאָמעס באַם שטייערן. די אָרעמע און מיטלפויערים, וואָס פאַרווירקלעכן די מאָסמיטלען אַף העכערן די גערעטעניש, באַקומען אויך לגאָטעס.

די גרעסטע מאַקע איז פאַר דער פויערשער ווירטשאַפט די ניט איינגעאָרדנטקייט פון דער ערד.

צום סאָף 1927 י. איז בלויז אַ דריטל פויערשע ערד שוין געוואָרן איינגעאָרדנט. אַצינד האָט די סאָוועטן-מאַכט באַשטימט אין משך פון די נאָענטסטע יאָרן דורכפירן די ערד-איינאָרדענונג פאַר דער מערהייט פויערטום. פאַר די ווייניקפאַרמעגלעכע ווירטשאַפטן ווערט די ערד-איינאָרדענונג דורכגעפירט אַפן כעשבן פון דער מעלוכע.

באַ דער ערד־איינאָרדענונג ווערן אין דער ערשטער ריי געגומען אין אַכט די אינטערעסן פֿון דער אָרעם־מיטלפֿויערשער מאַסע.

## די קלאַסן-פּאָליטיק פֿון דער פּאַרטיי אין דאָרף

דער וואוקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט גייט באַ אונז אַף אַזאַ אויפֿן, אַז עס שטייגט אַרויף די הויפּט־מאַסע פֿויערטום. זייער פֿיל אָרעמפֿויערשע ווירטשאַפֿטן קומען צו זיך און גייען אַריבער אין מיטלפֿויערשע. דער מיטלפֿויער פֿאַרבלייבט די צענטראַלע פֿיגור אין דאָרף. צום מיטעלן שיכט געהערט די מערהייט פֿויערטום.

גלייכצייטיק מיטן וואוקס פֿונם גאַנצן דאָרף וואַקסט אָבער דער באַלעגוף אויך. עס וואַקסט דער קאַפּיטאַליסטישער שיכט אין דאָרף. דער קאַמף צווישן די קאַפּיטאַליסטישע און סאָציאַליסטישע עלעמענטן פֿון דאָרף וועט נאָך דויערן, אין די נאָענטסטע יאָרן וועט ער זיך פֿאַרשאַרפֿן און פֿאַרשטאַרקן.

דידאָזיקע פֿאַרשאַרפֿונג ווערט אַרויסגערופֿן דורך די ערפֿאָלגן און שוועריקייטן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויאונג. די ערפֿאָלגן פֿון אונזער ווירטשאַפֿט שטעלן פֿאַרן באַלעגוף שאַרף די פֿראַגע וועגן זיין עקזיסטענץ. דער באַלעגוף איז אומצופֿרידן מיט די ערפֿאָלגן פֿון דער סאָוועטישער ווירטשאַפֿט. אַף אַלערליי אויפֿאַנים סטאַרעט ער זיך אָנגרייצן די אַרבעטנדיקע פֿויערים־מאַסן אַפֿן פּראָלעטאַריאַט. ער נוצט אויס יעדע שוואַכקייט. און אַזעלכע שוועריקייטן און מענגעס זיינען איצט, באַם איבערגאַנג צום רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד, פֿאַראַן זייער פֿיל.

דעריבער איז אַצינד באַזונדערס וויכטיק דער ווייטערדיקער אָנגריף אַפֿן באַלעגוף. פֿאַר דעמדאָזיקן אָנגריף פֿאַרמאָגן מיר איצט גענוג קויכעס. דער בונד מיטן מיטלפֿויער איז פֿאַרשטאַרקט. די ערפֿאָלגן פֿון אונזער ווירטשאַפֿטלעכן וואוקס פֿאַר די לעצטע יאָרן זיינען קלאָר פֿאַר אַלעמען. דערפֿון איז געדרונגען, אַז מיר פֿאַרמאָגן אַלץ, וואָס איז נויטיק צוליב דעם ניצאָכן איבערן עקספּלואַטאַטאָרישן שיכט אין דאָרף. דער פֿאַרבאַנד פֿונם פּראָלעטאַריאַט מיטן פֿויערטום הייסט נאָך קלאַל ניט קיין פֿאַרבאַנד מיטן גאַנצן פֿויערטום אָן אונטערשייד. ניין, עס רעדט זיך בלויז וועגן בונד פֿונם אַרבעטער־קלאַס מיט דער אַרבעטנדיקער פֿויערים־מאַסע. דאָס עקספּלואַטאַטאָרישע באַלעגופֿישע קעפּל דאָרף אויסגעשלאָסן ווערן פֿון אָט דעם בונד. נאָך מער. דער בונד מיט די גרונט־מאַסן פֿויערים קאָן ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן אָן דעם קאַמף מיטן באַלעגוף. דער באַלעגוף פּרוווט אַריבערציען דעם מיטלפֿויער אַף זיין זייט, אָפּשפּאַלטן אים פֿונם בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט.

די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער בילדן יענעם אָטריאַד פֿון פּראָלעטאַריאַט, וואָס געפֿינט זיך אין דער טיפֿעניש פֿונם דאָרפֿישן לעבן. פֿון די דריי מיט אַ האַלב מיליאָן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער אַרבעט קימאַט אַ העלפֿט אין די סאָווכאָזן, באַ די פֿויערשע געזעלשאַפֿטן, פֿאַרייניקונגען, וואַלד־פֿאַרגרייטונג א. א. בלויז אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער צאָל באַטראַקעס (ד. ה. קימאַט אָנדערהאַלבן מיליאָן) אַרבעט באַ באַזונדערע באַלעבאַטים, — אַ גרויסער טייל פֿון אָט דער מאַסע ווערט עקספּלואַטירט דורך

די באַלעבאַטים. די באַטראַקעס זײַנען די סאַמע אָפּגעשטאַנענע מאַסנע פֿון פּראָלעטאַריאַט. אָרגאַניזירן די באַטראַקעס אין פּראָפּאַרײַנען, פֿאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, אָפּרייסן די באַטראַקעס פֿון שטאַרקער עקספּלואַטאַציע מיצאַד די באַלעגופֿים — אָט די אַלע אויפֿגאַבן זײַנען זייער וויכטיק צוליב דער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון אונזערע פּאָזיציעס אין דאָרף.

די דאָרפֿישע אָרעמקייט, וואָס באַקומט שטיצע מיצאַד דער סאָוועטן־מאַכט, איז דער סאַמע נאָענטער שיכט צום פּראָלעטאַריאַט. פֿאַרטיידיקנדיק די אָרעמקייט פֿון פֿאַרקנעכטונג מיצאַד די באַלעגופֿים, אָרגאַניזירט אונזער פּאַרטיי די ווײַניק־פֿאַרמעגלעכע שיכטן פּויערים, ציט זיי אַרײַן אין דער קאָאָפּעראַציע, ציט זיי צו צו אַקטיוון אָנטייל אין דער סאָוועטישער בויאונג.

דער בונד מיטן פּויערטום קאָן ניט זײַן פֿעסט אָן דער אָרגאַניזירונג פֿון דער אָרעמקייט, אַלס שטיצפּונקט פֿונם אַרבעטער־קלאַס אין דאָרף. דעריבער איז איינע פֿון די וויכטיקסטע פּאַרטיי־אויפֿגאַבן אין דאָרף — באַהעפֿטן די דאָרפֿישע אָרעמקייט אַרום דער סאָוועטן־מאַכט.

אַפֿן וועג פֿון סאָציאַליסטישער בויאונג רעכענען מיר זיך אין אונזער פּאָליטיק בעזויגיע צו פֿאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן אין דאָרף מיט פֿאָלגנדער פֿאָרמול, וואָס כ' לענין האָט אײַנגעשטעלט. „קענען דערגרייכן אַ פֿאַרשטענדיקונג מיטן מיטעלן פּויערשום, אָף קיין איין מינוט ניט אָפּזאָגנדיק זיך פֿונם קאַמף מיטן באַלעגוף און פֿעסט אָנשפּאַרנדיק זיך בלויז אָף דער אָרעמקייט“.

## דער וואַקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט לויטן פֿינפֿיאָריקן פּלאַן

די גרויסע אויפֿגאַבן, וואָס עס שטעלט פֿאַר אונז אַרויס דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן, פֿאָדערן אַן ערנסטן וואוקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט. די גאַנצע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע דאַרף פֿאַר פֿינף יאָר אויסוואַקסן פֿון 16,6 מיליאַרד רובל ביז 25,8 מיליאַרד ד. ה. מער ווי אין אָנדערהאַלבן מאָל. אין דער לאַנדווירטשאַפֿט וועלן אַרײַנגעלייגט ווערן גרויסע מיטלען — 23,2 מיליאַרד רובל.

דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן שטעלט פֿאַר דער לאַנדווירטשאַפֿט אַן אויפֿגאַבע — העכערן די גערעטעניש אָף 35%. אונזער איצטיקע גערעטענישקייט איז זייער אַ נידעריקע לעגאַבע אַנדערע לענדער. אַ ריי פּאָשעטע מאָסטיטלען, וואָס זײַנען צוטריטלעך פֿאַר יעדן פּויער, קאָן געבן אַ באַדייטנדיקן וואוקס פֿון דער גערעטעניש. באַגלייך מיטן העכערן די גערעטעניש שטעלט דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן אַרויס פֿאַר דער לאַנדווירטשאַפֿט נאָך איין אויפֿגאַבע — פֿאַרברייטערן דעם פֿאַרזייאונגס־שעטאַך, אַרײַנציען אין דער באַאַרבעטונג נייע ערדן און בעסער אויסנוצן די ערד, וואָס ווערט באַאַרבעט.

דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן שטיצט זיך אָף אַ שנעלן וואוקס פֿונם פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכטן ווירטשאַפֿט־סעקטאָר. אין פֿינף יאָר אַרום קלערן מיר צו האָבן אינם פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכטן סעקטאָר 17½% פֿונם גאַנצן פֿאַרזיי־שעטאַך און באַקומען פֿון אים 43% פֿון דער גאַנצער סכוירע־פּראָדוקציע.

# צי באַמערקט זיך בא אונז אַ דעגראַדאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט

די רעכטע פּרואוון אויסנוצן קעגן דער פּאַרטיי די ברויט-שוועריקייטן און דאָס אָפּשטיין פון דער לאַנדווירטשאַפט. אין זייער קאַמף קעגן דער פּאַרטיי-ליניע אַף אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד און פאַרגעזעלשאַפטלעכן די לאַנדווירטשאַפט האָבן די רעכטע אַרויסגעשטעלט אַ ריי פאַלשע באַשולדיקונגען.

קוידעמקאָל טאַינען זיי, אַז מיר האָבן אַצינד אַ „דעגראַדאַציע" פון לאַנדווירטשאַפט. דאָס איז זייער אַן ערנסטע זאַך. דעגראַדאַציע הייסט — פאַלן, פאַרוועלקט ווערן, גיין אַף צוריק.

לויט דער מיינונג פון די רעכטע אָפּנויגלער לעבט די לאַנדווירטשאַפט איבער אַ כורבן און צעפּוילונג — אַלץ אַדאַנק דער ניט ריכטיקער פּאַרטיי-פּאָליטיק, וואָס פּאָמפּעט אַרויס פון דער לאַנדווירטשאַפט מיטלען פאַרן אומגעהויער שנעלן וואוקס פון דער אינדוסטריע און „באַליידיקט" דעם דאָרפישן באַלעגוף. די רעכטע שטעלן אַרויס אַ רעכיעס-באַשולדיקונג, אַז די פּאַרטיי פירט קלוימערשט דורך און פּריידיקט די מיליטער-פעאָדאַלע עקספּלואַטאַציע פון פּויערטום (פעאָדאַל—פּאָרעץ).

פּאַקטיש הייסט עס פּאָדערן, אַז עס זאָל פאַרהאַלטן ווערן דער אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ, אַז די אינדוסטריע זאָל זיך אַנטוויקלען לאַנגזאַמער.

עס איז ניט קעדאַי צו דערווייזן, אַז אַזעלכע באַשולדיקונגען באַטייטן, אַז די רעכטע אָפּנויגלער גייען פּאָשעט אַריבער אַף די פּאָזיציעס פונם באַלעגוף. דער באַלעגוף באַשולדיקט אונז שוין פון לאַנג אין דעם, אַז מיר עקספּלואַטירן דאָס פּויערטום. אַצינד נעמען איבער די רעכטע אָפּנויגלער אָט דאָס פאַרזאַמטע געווער.

יעדערן איז קלאָר, ווי אומבאַגרינדעט עס זיינען אַלע געשרייען פון די רעכטע וועגן דעגראַדאַציע פון דער לאַנדווירשאַפט. אַ ריי פאַקטן וואָס זיינען אויבן געבראַכט געוואָרן זיינען איידעס וועגן דעם אומאויפהערלעכן וואוקס פון אונזער דאָרף. דאָס, וואָס די ברויט-פּראָדוקציע שטייט אָפּ, איז זייער אַ וויכטיקע דערשיינונג. די וואָרצלען ליגן אָבער אין דער געיאַרשנטער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט. ליקווידירן אָט די אָפּגעשטאַנענקייט קאָן מען ניט דורך אָפּשוואַכן די אינדוסטריע-אַנטוויקלונג, ניט דורך האָפּענונגען אַף די באַלעגופישע ווירטשאַפטן, נאָר דורך דער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, דורך איבערפירן זי צו אַ פאַרגעזעלשאַפטלעכטער ווירטשאַפט בא דער אַלזייטיקער הילף דער אינדיווידועלער אָרעמער און מיטלפּויערשער ווירטשאַפט, קאָלזמאַן זי וועט נאָך עקזיסטירן.

## 2. דער איבערגאַנג צו געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט

### די אָרעם-מיטלפּויערשע קאָאָפּעראַציע איז אַ גאַראַנטיע פאַרן ניצאָכן איבערן באַלעגוף

פאַרן דאָרף איז דער גרונט-וועג צום סאָציאַליזם — דער קאָאָפּעראַטיווער וועג, וועלכן לעגין האָט אָנגעוויזן. בלויז די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור עפנט פאַר דער קליין-ווירטשאַפט אַ נייעם וועג, אַ וועג פון שמערצלאָזן איבערגאַנג צו דער גרויסער פאַ-געזעלשאַפטלעכטער ווירטשאַפט. די קאָאָפּעראַציע אין דאָרף איז אַ געזעלשאַפטלעכע פאַרייניקונג פון די קליינע און קלענסטע פּויערשע ווירטשאַפטן. דידאָזיקע פאַרייניקונג כאַפּט בעהאַדראָגעדיק אַרום איין זייט פונם דאָרפישן לעבן נאָכן צווייטן. לעכאַטכילע פאַרייניקט מען זיך, קעדיי געמיינזאַם צו פאַרקויפן די פּראָדוקטן, קעדיי געמיינזאַם איינצוקויפן שטאָטישע סכוירעס. אויב עס גייט גלאַט, — באַשליסט מען שוין קאָלעקטיוו צו קויפן אַ מאַשין אָדער אויסבויען אַ פּוטער-זאַוואָד פאַר אַלגעמיינעם באַנוץ. און דערנאָך גייט מען שוין איבער צו קאָלעקטיווער פאַרזייאונג, מע פאַרניכטעט די פעלד-גרענעצן, מע גיסט צונויף די ווירטשאַפטן אין אַ געמיינזאַמער (ווי מע זאָגט, קאָלעקטיווער) ווירטשאַפט. דאָס איז זייער אַ דויערנדיקער פּראָצעס. פאַר איין טאָג, אַפילע פאַר איין יאָר קאָן מען דאָס אַלץ ניט אויפטאָן. דערפאַר אָבער מוז מען געדענקען, אַז „באַם באַדינג פון פולער קאָאָפּערירונג וואָלטן מיר שוין געשטאַנען מיט ביידע פיס אַפן סאָציאַליסטישן באָדן“ (לענין).

נאָר דער איבערגאַנג צו דער גרויסער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט רייסט ענדגילטיק אַרונטער דעם באָדן פון אונטער דעם באַלעגופּס פיס. די צעשפּליטערטע קליינע ווירטשאַפט פונם באַזונדערן אָרעמפּויער אָדער מיטלפּויער איז שוואַכער איידער די גרויסע באַלעגופישע ווירטשאַפט. עמעס, די סאָוועטן-מאַכט האַלט אונטער די וויניק-פאַרמעגלעכע מאַסע אין דאָרף. גלייכצייטיק באַגרענעצט זי דעם וואוקס פונם באַלעגופישן קעפּל. פונדעסטוועגן באַקומט דער באַלעגוף די ענדגילטיקע מאַפּאָלע בלויז מיצאַד דער פאַרייניקונג פון די אָרעם-מיטלפּויערשע ווירטשאַפטן אין דער קאָאָפּעראַציע, מיצאַד דעם איבערגאַנג צו דער גרויסער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט. די מאַילעס פון דער גרויסער ווירטשאַפט, וואָס זיינען פריער געווען אַף דער זייט פונם באַלעגוף, גייען שוין דאָ אַריבער אין די הענט פון די קאָאָפּערירטע קליינע פּויערים. הייסט עס, דער ענדגילטיקער ניצאָכן איבערן באַלעגוף איז די קאָאָפּעראַטיווע פאַרייניקונג פון דער אָרעם-מיטלפּויערשער מאַסע אין דאָרף.

אָבער ניט בלויז דערפאַר איז גרויס די באַדייטונג פונם איבערגאַנג צו דער גרויסער ווירטשאַפט. דערדאָזיקער איבערגאַנג איז אַ זיכערער וועג צו אַ שנעלן וואוקס פונם וואוילשטאַנד פון דאָרף. איינציקווייז איז שווער אַרויסצוקריכן פון דאַכקעס און אָרעמקייט, אָפטמאָל איז דאָס אומעגלעך. בלויז פאַרייניקנדיק די קויכעס, בלויז אַריבערגייענדיק צו געמיינזאַמען (קאָלעקטיוון) פירן די ווירטשאַפט וועט זיך דאָס פּויערטום אַרויס-

קלייבן אַפּן ברייטן שליאַך פֿון דער מאָדערנער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער טעכניק, װעלכע פֿאַרגרינגערט די אַרבעט און קױפּלט אירע פּרוכטן.

## דער װוּקס פֿון קאָאָפּעראַציע אין דאָרף

פֿאַר די לעצטע יאָרן זעען מיר זײער אַ שנעלן װאוּקס פֿון דער קאָאָפּעראַציע אין דאָרף. שנעלער פֿאַר אַלץ װאַקסט די קאָאָפּעראַציע אין געביט פֿון אױסטויש: אָפּזאַץ און פּראָדוקטן־אײנקויף. גאַנץ קלאָר: אַף דעמדאָזיקן באָדן איז די קלײנע װירטשאַפֿטן גרינגער פֿון אַלץ זיך צו אָרגאַניזירן.

אין אָנהויב נעפּ איז דער פּריװאַטער הענדלער געװען קימאַט דער אײנציקער פֿאַרמיטלער צװישן שטאָט און דאָרף. די קאָאָפּעראַציע האָט זיך ערשט געשטעלט אַף די פֿיס. און איצט געפֿינט זיך שױן אין די הענט פֿונם מעלוכע־האַנדל און קאָאָפּעראַציע *העכער אַ העלפֿט* סכוירעס פֿאַרן דאָרף־געברויך און קימאַט צװײ דריטל פֿאַרברײטונגען פֿון די לאַנדװירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן.

לויט באַזונדערע מינים לאַנדװירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן כאַפּט די קאָאָפּעראַציע אַרום דעם אָפּזאַץ פֿון 20% ביז 90%. די באַזאָרגונג פֿונם דאָרף מיט פּראָדוציר־מיטלען (מאַשינעס, באַמיסטיקונג, זריע, טראַקטאָרס) איז אַרומגעכאַפּט דורך דער קאָאָפּעראַציע פֿון 30 ביז 60 פּראָצענט.

אַצינד כאַפּט די לאַנדװירטשאַפֿטלעכע קאָאָפּעראַציע אַרום העכער אַ דריטל פּויערשע הויפֿן.

אונזער קאָאָפּעראַציע איז אין גרונט אַן אָרעם־מיטלפּויערשע. עמעס, דער באַלעגוף שטאַרעט זיך מיט אַלע קוּיכעס פֿאַרכאַפּן די קאָאָפּעראַציע אין זײנע הענט. ער װיל אויסנוצן צוליב זיך יענע הילף און לגאָטעס, װאָס די קאָאָפּעראַציע באַקומט בײַ דער סאָװעטן־מאַכט. אָט די באַלעגופֿישע קרעמלעך אונטער אַ קאָאָפּעראַטיװן שילד, אָט די „פֿיקטיװע קאָאָפּעראַטיװן" דאַרף מען אויפֿדעקן און פֿאַריאָגן פֿון דער קאָאָפּעראַטיװער מישפּאָכע.

פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט די לאַנדװירטשאַפֿטלעכע קאָאָפּעראַציע פֿאַרשטאַרקט די אַרבעט אַף צו פֿאַרבעסערן די לאַנדװירטשאַפֿט. מיט יעדן יאָר פֿאַרגרעסערט זיך די צאָל טרעף־פּונקטן, פּראָקאַטנע, זריע־רייניקונגס־פּונקטן, פּוטער און אײל־זאַװאָדן. די קאָאָפּעראַציע פֿאַרשפּרײט אין די פּויערשע מאַסן לאַנדװירטשאַפֿטלעכע קענטעניש. די קאָאָפּעראַציע װײזט אָן, װי אַזוי צו פֿירן אַ ריכטיקע װירטשאַפֿט, װי אַזוי אויפֿצוהויבן איר האַכנאָסעדיקייט.

## פּראָדוציר-פֿאַרייניקונגען און קאָלװירטן

װען פּויערים קויפֿן צוזאַמען אַ לאַנדװירטשאַפֿטלעכע מאַשין, פֿאַרייניקן זײ זיך שױן קעדײ געמײנזאַם באַנוצן די מאַשין. עס אַנטשטײט אַ מאַשין־געזעלשאַפֿט. דידאָזיקע פֿאַרייניקונג נעמט שױן אַרום ניט דעם אָפּזאַץ, נאָר די *פּראָדוקציע גופֿע*.

עטעס, דאָס איז ערשט דער ערשטער שריט פון פראָדוציר־פאַרייניקונג. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז שווער איז בלויז דער ערשטער שריט. די זעלבע באַדײַטונג האָבן די פאַרשיידענע פאַרייניקונגען — צו באַאַרבעטן זוימען, צוקער־בורעקעס, מעליאָראַטיווע (ד. ה. צו באַוואַסערן אָדער אויסטריקענען און ברענגען צו אַ נויטיקן צושטאַנד די ערד) און אַנדערע.

אָט ווי אַזוי עס זיינען פאַר די לעצטע יאָרן געוואַקסן די פרימיטיווע פויערשע פראָדוציר־פאַרייניקונגען.




אצינד כאפן שוין בא אונדז די פראָדוציר-פאַרייניקונגען פון אזא מין ארום העכער אנדערהאלבן מיליאָן ווירטשאפטן. אזעלבע פאַרייניקונגען באַוויזן די פויערים אף דער פראַקטיק ווי אזוי געמיינזאַם אוועקצושטעלן און פאַרבעסערן די באַזונדערע צווייגן פון דער ווירטשאַפט.

שוואַך זיינען ביז איצט געוואַקסן די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן. דאָס איז אַ פולקומע פאַרייניקונג פון ווירטשאַפטן, וואָס אַרבעטן צוזאַמען און באַנוצן זיך געמיינזאַם מיט די פרוכטן פון זייער אַרבעט. פאַר די לעצטע יאָרן קאָן מען באַמערקן אַ באַדייטנדיקן וואוקס פון קאָלווירטן. אין 1923 י. איז סאַבאַקל געוועזן 12 טויזנט קאָלווירטן, די צאָל ווירטשאַפטן, וואָס זיי האָבן פאַרייניקט — קימאַט 120 טויזנט. אין 1927 י. איז שוין פאַראַן 18 טויז. אַלערליי קאָלווירטן, וואָס פאַרייניקן 180 טויזנט ווירטשאַפטן. צום

1־טן אָקטיאַבר 1928 י. האָט די צאָל קאָלווירטן דערגרייכט ביז 37 טויזנט — פאַר איין יאָר פאַרגרעסערט אין צוויי מאָל.

דער וואוקס פון דער אינדוסטריע, די פאַרשטאַרקונג פון נייע צוזאַמענשלוס־פאָרמען אַפן גרונט פון פּראָדוציר־צוזאַמענשלוס צווישן שטאָט און דאָרף, די באַזאָרגונג פון דאָרף מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס און טראַקטאָרס, וועקן אויף אין די מאַסן ניט נאָר פון דעם אָרעמען, נאָר אויך פון מיטעלן פּויערטום אַ דראַנג צו קאָלעקטיווער אַרבעט. די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל קאָלווירטן פאַרן לעצטן יאָר אין צוויי מאָל באַווייזט עס גאַנץ באַשיינפּערלעך.

די פּאַרטיי כאַפּט אונטער אָט די שטרעבונג פון די אַרבעטנדיקע פּויערים צו דער גרויסער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט. די קאָלעקטיווע פאַרייניקונגען פון די אָרעם־מיטל־פּויערשע שיכטן באַקומען די אַלזייטיקע שטיצע און הילף. די פּאַרטיי און סאָוועטן־מאַכט העלפן מיט אַף פאַרשיידענע אויפנים דעם אַרבעטנדיקן פּויערטום אַרויסקלייבן זיך פון דער קליינער ווירטשאַפט אַפן ברייטן שליאַך פון סאָציאַליסטישער איבערבויאונג.

## סאָווכאָזן — דער אוואַנגאַרד פון קאָלעקטיווער ערד־אַרבעט

אין דער איבערבויאונג פונם דאָרף שפּילן ניט קיין קליינע ראָלע די סאָוועטישע ווירטשאַפטן (סאָווכאָזן). דאָס זיינען סאָוועטישע ברויט־פאַבריקן.

דערדאָזיקער סאָציאַליסטישער ווינקל איז אין דאָרף נאָך דערווייל ניט גאָר גרויס. מיר ציילן ביז 5 טויזנט סאָווכאָזן מיט אַן אַלגעמיינעם שעטאַך פון דריי מיליאָן העקטאַר ערד. די באַדייטונג און וואָג פון אָט דעם ווינקל אין דאָרף איז אָבער אַסאַך גרעסער. אין די סאָווכאָזן ווערט געווייזלעך געפירט אַ קולטורעלע ווירטשאַפט. זי דינט אַלס ביישפּיל פאַרן גאַנצן פּויערשן אַרום. מיט זיין ביישפּיל, אָפט מיט דירעקטער שטיצע העלפט דער סאָווכאָז מיט דעם אויפשטייג און פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון דער קליינער פּויערשער ווירטשאַפט. דער סאָווכאָז טרעט אַלץ עפּטער אַרויס אַלס אַוואַנגאַרד אין קאַמף פאַר דער קאָלעקטיווער ערד־אַרבעט.

## די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג אין דער לאַנדווירטשאַפט פון פינפיאָריקן פּלאַן

דער פינפיאָריקער פּלאַן מערקט אָן ניט נאָר אַ שנעלן וואוקס פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע, נאָר אויך אַן אויסערסט שנעלע פאַרברייטערונג פון די סאָציאַליסטישע פּאָזיציעס אין דאָרף. דער פאַרגעזעלשאַפטלעכער סעקטאָר פון דער לאַנדווירטשאַפט דאַרף אין מעשעך פון די נאָענטסטע יאָרן געבן אַ אומדערהערטן וואוקס.

די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע וועט צום סאָף פון די פינף יאָר פאַרייניקן אין איר רייען 23,5 מיליאָן פּויערשע ווירטשאַפטן (85% פון אַלע ווירטשאַפטן) אָנשטאָט די 9,5 מיליאָן (37,5%) ווירטשאַפטן, וואָס זי פאַרייניקט איצט. אין דער דאָר־

פישער געברויך־קאָאָפּעראַציע וועלן זיין פאַרייניקט 31,8 מיליאָן פאַישמשיקעס אָנשטאָט 13,9 מיליאָן, וואָס זי פאַרייניקט באַם איצטיקן מאָמענט.

זייער שנעל וועלן וואַקסן די ראַטווירטן און קאָלווירטן. דער וואוקס פונם פאַרגעזעלשאַפטלעכטן סעקטאָר אין דער לאַנדווירטשאַפט וועט צום 1933 י. דערגיין ביז 26 מיליאָן העקטאר — 17,5% פונם גאַנצן פאַרזיי־שעטאַך. די ראַטווירטן און קאָלווירטן וועלן אין 1933 י. געבן (גערעטעניש פון 1932 י.) 15,5% הורט־פּראָדוקציע און 43% סכוירע־פּראָדוקציע פון די ברויט־קולטורן. דערביי וועלן די מעלוכע־ראַטווירטן געבן אַ פּראָדוקציע פון ניט ווייניקער ווי 34 מיליאָן צענטנער סכוירע־ברויט און די קאָלווירטן — אַן ערעך 50 מיליאָן צענטנער, — צוזאַמען 84 מיליאָן.

דערווידערנדיק קעגן דער שנעלער פאַרברייטערונג פונם געזעלשאַפטלעכן סעקטאָר אין דער לאַנדווירטשאַפט, העלפן די רעכטע אָפּנויגלער פאַשעט מיט דעם באַלעגוף.

## מאשין-טראקטאָרישע סטאנציעס

פאַרווירקלעכן די גרויסע אויפגאַבן, וואָס דער פינפיאָריקער פּלאַן רוקט ארויס איז מעגלעך בלויז באַם אויסנוצן אַלע וועגן אויפצוהויבן די לאַנדווירטשאַפט. איינער פון די וויכטיקסטע מיטלען איז מאַשין־טראַקטאָרנע סטאַנציעס. געשאַפן זיינען זיי נאָך ניט לאַנג, די דערפאַרונג זאָגט אָבער איידעס, אַז פאַר אָט דער ווירקונגספאָרם אַף דער צעשטויבטער פויערשער ווירטשאַפט שטייען פאַר גלענצנד'ע פּערספּעקטיוון.

צום ערשטן מאָל איז די פראַגע פון אַ טראַקטאָרן־אָטריאַד פאַרווירקלעכט געוואָרן דורכן ראַטווירט אַפן שעווטשענקאָס נאָמען, (אוקראַינע, אָדעסער קרייז).

דער ראַטווירט האָט אָרגאַניזירט אַ טראַקטאָרן־אָטריאַד פון העכער הונדערט טראַקטאָרן. דער ראַטווירט האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די שכיינעסדיקע ערד־געזעלשאַפטן, לויט וועלכן דער טראַקטאָרן־אָטריאַד דאַרף באַאַרבעטן די פויערשע פעלדער. פרילינג 1928 י. זיינען ענדגילטיק געשלאָסן געוואָרן אָפּמאַכן מיט צוויי און צוואַנציק ערד־געזעלשאַפטן אַף צו באַאַרבעטן העכער דרייסיק טויזנט גא ערד.

לויט די אָפּמאַכן ווערט די גאַנצע ערד, וואָס דאַרף באַאַרבעט ווערן, פאַרייניקט אין איין גרויסן ערד־ביילעק. אַלע גרענעצן, וואָס טיילן אָפּ די אינדיווידועלע ערד־באַלאָקים פון די באַזונדערע פויערים, ווערן פאַרניכטעט. די באַאַרבעטונג פון די פעלדער ווערט געפירט אונטער דער אָנפירונג פון אַ געניטן אַגראָנאָם, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן אַפן כעשבן פונם ראַטווירט. עס ווערט פאַרזייט ריינסאָרטיקע זריע־מאַטעריאַל, וואָס דער סאָווכאָז באַקומט פון זיינע זוימען־פאָנדן.

די פויערים גיבן די גאַנצע אַרבעטס־קראַפט, אַפילע טראַקטאָריסטן. יעדער הויף שטעלט צו אַרבעטס־קראַפט לויט דער גרויס פון זיין ערד־ביילעק. די טראַקטאָריסטן לערנט דער ראַטווירט אומזיסט. פאַרן ווינטער זיינען דורך די קורצטערמיניקע טראַקטאָריסטן־קורסן דורכגעגאַנגען העכער 200 מענטשן. אין די רייען פונם אָטריאַד טראַקטאָריסטן זיינען פאַראַן עטלעכע פויערטעס.

פאַר דער טראַקטאָר־באַאַרבעטונג פון די פעלדער צאָלן די פויערים דעם ראַטווירט אַ פערטביילעק פון דער גערעטעניש פון ווינטער־ווייץ און אַ דריטביילעק פון דער גע־

רעטעניש פון דער איבעריקער פאַרזייאונג. דאָס דעקט די הוצאָעס פונם ראַטווירט אַף אויסצוהאַלטן די טראַקטאָרס א. א. וו.

בעאיים דער באַאַרבעטונג פון די פויערשע פעלדער דורכן טראַקטאָרן=אָטריאַד פאַרברייטערט זיך דער פאַרזיי=שעטאַד. דידאָזיקע פאַרברייטערונג קומט פאָר דערפאַר, ווייל עס ווערט פאַרזייט אַ טייל ערד, וואָס איז ביז איצט איבער פאַרשיידענע סיבעס ניט באַאַרבעט געוואָרן, ווי אויך דערפאַר, ווייל עס ווערן פאַרניכטעט די פעלד=גרענעצן און פאַסן. בלויז די פעלד=סטעזשקעס פאַרנעמען העכער זיבן פראָצענט פונם גאַנצן פאַרזיי=שעטאַד. די טראַקטאָרן=פאַרזייאונג, די באַאַרבעטונג מיט דער הילף פון קולטורעלע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס פאַרגרעסערט די גערעטעניש (אַף 20—25 פראָצענט). זייען מיט דער הילף פון אַ פאָשעטער זיי=מאַשין פאַרגרעסערט ניט נאָר די גערעטעניש, נאָר עס גיט אַפילע אַ גרויסע עקאָנאָמיע פון זוימען (ביז 20%). ווען מע דרעשט מיט אַ צעפ, פאַרבלייבט אין שטרוי העכער 15% זריע, אַ דרעש=מאַשין פאַרקלענערט די צאָל זריע, וואָס פאַרבלייבט אין שטרוי ביז 5—7 פראָצענט.

ווערט זיך פאַרברייטערן דער פאַרזיי=שעטאַד, וועט געהעכערט ווערן די גערעטעניש. בלויז דאָס אַליין וועט דעקן דעם באַטרעף פון דער טוואוע, וואָס די פויערים גיבן אָוועק דעם ראַטווירט. נאָך מער — עס עפענען זיך קאָלאָסאַלע פערספעקטיוון פאַר דער פאַרברייטערונג פון דער ווירטשאַפט. אַפן כעשבן פונם פאַרקירצטן אַרבעטס=פי פאַרגרעסערט זיך די צאָל פראָדוקטיווע פי און פון די מילך=פי. די טראַקטאָרן=באַאַרבעטונג שפאָרט איין דעם פויערס האָרעוואַניע, דערפאַר קענען וואַקסן אינטענסיווע מינים ערד=אַרבעט, וואָס פאָדערן אַסאַך אַרבעט און גיבן טאַקע זייער ווערטפולע פראָדוקטן (וויינטרויבן, ווייז, פרוכטן, גערטנערייי).

# 3. די באַדייטונג פון דער אינדוסטריע פאַר דער איבערבויאונג פון דער לאַנדווירטשאַפט

## די פירנדיקע ראָלע פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע

די לאַנדווירטשאַפט, אין וועלכער עס איז פאַרנומען קימאַט פיר פינפטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פסס"ר, שטייט באַ אונז אין לאַנד אַף אַ פיל נידעריקער שטופע, איידער אין אַנדערע לענדער. קאָן אַרויסשוואומען אַזאַ געדאַנק: עפשער וואָלט מען נאָר באַדאַרפט מאָביליזירן אַלע מיטלען אַף אויפצוהויבן די לאַנדווירטשאַפט. צי איז נאָר ריכטיק אונזער אינדוסטריאַליזאַציע=פאָליטיק? עפשער וואָלט געווען בעסער צוואַרטן מיט דער אינדוסטריע: צוערשט אויפהויבן ווי ס'געהער צו זיין די לאַנדווירטשאַפט און ערשט דערנאָך זיך נעמען צו דער אינדוסטריע.

לעכאַטכילע קען זיך דוכטן, אַז אַזאַ געדאַנק איז עפשער ריכטיק. אין דערעמעסן איז דאָס אָבער זייער פאַלש און געפערלעך פאַר דער גאַנצער זאַך פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

מיר האָבן שוין געזעען, אַז בלויז אַ מעכטיקע אינדוסטריע קען פאַרוואַנדלען אונזער לאַנד אין אַ זעלבשטענדיקע מעלוכע, וואָס זאָל זיין איינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. די סאָציאַליסטישע איבערבויאונג פונם דאָרף וועט גיין פּאַ-רויס בלויז דאַן, ווען עס וועט פאַרשטאַרקט ווערן די סאָוועטישע אינדוס-טריע. דאַן איז געזיכערט דער ניצאָכן איבער אַלע עקספּלואַטאַטאָרישע שיכטן אין דאָרף, וועלכע פּרואוון אַראָפּרייסן די זאַך פון זיין סאָציאַליסטישער איבערבויאונג.

בא דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל רייסט זיך די שטאָטישע אינדוסטריע מיט גוואַלד אַרויין אינם איינגעשלאָסענעם לעבן פון דאָרף. זי ברענגט מיט די שאַרפע דיפערענציי-רונג פונם פויערטום, די פאַראָרעמונג פון זיין גרונט-מאַסע.

גאַר אַנדערש ווירקט אַפן דאָרף אונזער סאָוועטישע אינדוסטריע. זי פאַרפעסטיקט די יעסוידעס פון סאָציאַליזם אין דאָרף. דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט-ווינקל טרעט אַרויס אַלס מעכטיקער קעגנער פון דער אויפגעקומענער באַלעגופּישער בורזשואַזיע. די סאָוועטישע אינדוסטריע פירט די הויפּט-מאַסן פון דאָרף אַפן וועג פון קאָאָפּערירונג און קאָלעקטיוויזאַציע.

דערפון איז קלאָר, אַז קעדיי צו פאַרפעסטיקן די סאָציאַליסטישע בויאונג אין דאָרף איז נויטיק דורכצופירן די ליניע פון אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד, וועלכע ווערט פאַר-ווירקלעכט דורך אונזער פּאַרטיי. דער וואוקס פון אינדוסטריע און מאַשין-בויאונג איז דער נויטיקסטער תנאַי פאַרן ניצאָכן פונם סאָציאַליסטישן וועג אין דאָרף. אָן אינדוס-טריאַליזאַציע איז אומעגלעך צו אַנטוויקלען די פויערשע ווירטשאַפט, אויפהויבן זי, און איבערבויען.

## קאָנטראַקטאַציע

אַסאַך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אַרבעטן איבער לאַנדווירטשאַפטלעכע רוי-וואַרג. קעדיי צו באַקומען צו דער צייט דאָס רויוואַרג, לויט אַ באַשטימטן פּרייז, אין אַ נויטיקער צאָל און אַ געהעריקער קוואַליטעט, שליסן דיזאָזיקע אונטערנעמונגען אָפּט אָפּמאַכן מיט די פויערים — פּראָדוצירער פון רויוואַרג. דיזאָזיקע אָפּמאַכן ווערן אָפּטער פון אַלץ געשלאָסן מיט די קאָאָפּעראַטיווע פויערשע פאַרייניקונגען. אַזאַ סיידער הייסט קאָנטראַקטאַציע. אין די סאָוועטישע באַדינגונגען שטויסט די אינדוסטריע דאָס דאָרף מיט דער הילף פון קאָנטראַקטאַציעס צו דער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט און העלפט מיט אַלזייטיק דער לאַנדווירטשאַפט. די מעלוכע-זאַוואָדן באַזאָרגן די פויערים — פּראָדו-צירער מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוציר-מיטלען (מאַשינעס, פאַרבעסערטע זוימען, מינעראַלע באַמיסטיקונג א. א. וו.).

אין גרויסע מאַסשטאַבן ווערט די קאָנטראַקטאַציע דורכגעפירט אין די צוקער-ראַיאָ-נען, וואו עס זיינען שוין אַרומגעכאַפּט דורך איר העכער 900 טויזנט ווירטשאַפטן, דערנאָך אין די בוימוואָל-ראַיאָנען, וואו עס זיינען אַרומגעכאַפּט קימאַט 900 טויזנט ווירטשאַפטן; אין אַ קלענערער מאָס ווערט די קאָנטראַקטאַציע דורכגעפירט אין די ראַיאָנען פון פלאַקס, זונען-רויזן און אייניקע אַנדערע קולטורן. דאָרט, וואו עס ווערט דורכגעפירט די קאָנטראַקטאַציע, ווערט דאָס פויערטום קימאַט דורכויס אָרגאַניזירט אין לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון (בורעקעס, בוימוואָל-בעוורעס א. א.). דיזאַ-

זיקע קאָאָפּעראַטיוון פאַרנעמען זיך בלויז מיט אָרגאַניזירן דעם פּראָדוקציע=אָפּזאַץ און כאַפּן אַרום באַזונדערע צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע (געמיינזאַמע באַנוץ פונם אינווענטאַר, געזעלשאַפטלעכע ערד=באַאַרבעטונג א. א.). די קאָנטראַקטאַציע פירט ביסלעכווייז דאָס פויערטום דורך פאַרשטענדלעכע און צוטריטלעכע מיטלען אַפן וועג פון גרויסער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט. די קאָנטראַקטאַציע דינט אַלס אייגער פון די סאַמע בוילעטע ביישפילן, ווי אַזוי די סאָוועטישע אינדוסטריע פירט דאָס דאָרף צום סאָציאַליזם.

די קאָנטראַקטאַציע דאַרף לויטן פינפיאָריקן פּלאַן שטאַרק אויסוואַקסן. צום 1933 י. וועט זי דאַרפן אַרומכאַפּן 85% פון אַלע ברויט=קולטורן.

## לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס

אין דער איצטיקער צייט, באַ דער מאָדערנער טעכניק קאָן מען אָן אַ שטאַרקער אינדוסטריע ניט רוקן פאָרויס די לאַנדווירטשאַפט. בלויז די אינדוסטריע גיט אַלץ, וואָס ענדערט לאַכלוטן דעם פּאָנים פון דאָרף. מע דאַרף באַמערקן, אַז טאַקע די אינדוסטריע, וועלכע פאַרזיכערט די זעלבשטענדיקייט פונם סאָוועטן=לאַנד און פאַרשטאַרקט זיין שוצפעאיקייט, העלפט אויך מיט דער קאַרדינאַלער איבערבויאונג פון דער לאַנדווירטשאַפט.

עס איז באַוואוסט, וואָס פאַר אַ גרויסע באַדייטונג עס האָט דער ט ר אַ ק ט אָ ר. אין אייניקע לענדער איז שוין די אַרבעט פון טראַקטאָר טיף אַריינגעדרונגען אינם דאָרפישן לעבן. דער טראַקטאָר ענדערט איינגאַנצן די פויערשע אַרבעט. באַגלייך מיט אַנדערע מאַשינעס מאַכט דער טראַקטאָר די פויערשע פּראָדוקציע ענלעך צו דער אַרבעט פון פאַבריקן און זאַוואָדן. ניט אומזיסט רופט מען אין אַמעריקע ווירטשאַפטן, וואָס זיינען אינגאַנצן אַריבער אַף מאַשין=אַרבעט — „ברויט=פאַבריקן“.

ביז דער מילכאָמע האָט אונזער דאָרף דעם טראַקטאָר אין די אויגן ניט געזען. אין די יאָרן פון כורבן האָט לעגיין געטרוימט וועגן דעם, ווי אַזוי אַ לאַנד טאָן אין דאָרף הונדערטער טויזנטער טראַקטאָרס. דעמאָלט — פלעגט ער זאָגן — וואָלט די זאַך פון סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פונם דאָרף געווען אין אַ גרויסער מאָס פאַרגרינגערט. אין יענער צייט האָט עס געקענט אויסזען ווי אַ פאַנטאַזיע: מיר האָבן געהאַט סאַכאַקל עטלעכע הונדערט טראַקטאָרס. פון יענער צייט איז פאָריבער סאַכאַקל עטלעכע יאָר. אַצינד האָט שוין דאָס דאָרף אין אונזער סאָוועטן=פאַרבאַנד קימאַט דרייסיק טויזנט טראַקטאָרס. לעניגס געדאַנק איז פאַרווירקלעכט בלויז אַף אַ דריטל. אין די נאָענטסטע יאָרן דאַרף ער פאַרווירקלעכט ווערן אינגאַנצן.

אַ העלפט פון אַלע טראַקטאָרס געהערט צו די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן (קאָלכאָזן). דאָס באַווייזט, וואָס פאַר אַ מעכטיקע געווער פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרייניקונג פון די פויערשע ווירטשאַפטן דער טראַקטאָר איז — דאָס איז די סאַמע וויכטיקע פון די מאָדערנע מאַשינעס, וואָס ווערן באַנוצט אין דער לאַנדווירטשאַפט. דערדאָזיקער „שטאָלענער פערד“ טרעט אַרויס אַלס אַוואַנגאַרד פון דער פאַרגעזעלשאַפטלעכטער פּראָדוקציע אין דאָרף.

דאָס ראָוו טראַקטאָרס, וואָס זיינען פאַראַן באַ אונז, איז געבראַכט פון אויסלאַנד. שוין עטלעכע יאָר, אַז מיר זיינען צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן טראַקטאָרס אַף די סאָוועטישע זאַוואָדן, אין דער ערשטער ריי אַפן לעגינגראַדער „רויטן פּוטילאָוועץ“.

די טראַקטאָרן=בויאונג האָט זיך באַ אונז אָנגעהויבן דערפון, וואָס מיר האָבן פּאַנאַנדערגעקליבן אַן אַמעריקאַנער טראַקטאָר „פאָרדזאָן“, אים דורכגעשטודירט, די סאָוועטישע ספּעציאַליסטן האָבן אים דורכגעאַרבעט אין אַלע דעטאַלן און גענומען אַלס ביישפּיל אין דער אַרבעט. דעם ערשטן יאָר האָט דער „רויטער פּוטילאָוועץ“ ארויסגעלאָזט בלויז 5 טראַקטאָרס. פונם 1925 י. הויבט זיך אָן אַן אומאויפהערלעכער וואוקס פון דער טראַקטאָרן=בויאונג. אין 1925 י. ווערט אַרויסגעלאָזט 100 טראַקטאָרס, אין 1926—500 טראַקטאָרס, אין 1927 י.—700 און לעסאָף, הייגטיקס יאָר וועט אַרויסגעלאָזט ווערן—1225. אַצינד ווערט שוין אַפן זאַוואָד אַרויסגעלאָזן ביז 225 שטיק אַ כוידעש. אַף די נאָענטסטע יאָרן איז באַשטימט געוואָרן ווייטער צו פאַרגרעסערן די טראַקטאָרן=אויסאַרבעטונג מיט אַזאַ כעשבן, אַז דער „רויטער פּוטילאָוועץ“ זאָל אין 5 יאָר אַרום אַרויסלאָזן יערלעך צו 5000 טראַקטאָרס. אַצינד אַרבעטן שוין אין פּסס"ר אָנדערהאַלבן טויזנט סאָוועטישע רויטפּוטילאָווער טראַקטאָרס.

אַכוץ דעם „רויטן פּוטילאָוועץ“ ווערן נאָך אויסגעאַרבעט טראַקטאָרס אַפן קאָלאָמנער זאַוואָד. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו בויען אַ גרויסער טראַקטאָרן=זאַוואָד אין סטאַלינגראַד. אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועלן דידאָזיקע זאַוואָדן אַרויסוואַרפן אין דאָרף טויזנטער נייע טראַקטאָרס אַ יאָר, צענדליקער און הונדערטער טויזנטער רעזערוו=טיילן. צום סאָף פון די פינף יאָר וועט די יערלעכע טראַקטאָרן=פּראָדוקציע דערגרייכן ביז 88 טויזנט שטיק.

דאָס דאָרף לעבט אָבער ניט בלויז פונם טראַקטאָר. צוזאַמען מיט צענדליקער טויזנטער טראַקטאָרס איז אין דאָרף פאַראַן 5 מיליאָן סאָכעס. יעדערער ווייס, וויפל האָרעוואַניע עס גייט אַוועק אומזיסט באַ דידאָזיקע אַלטפּרענקישע ערדאַרבעט=אינסטרומענטן. עס איז גרינג זיך פאָרצושטעלן, וויפל מי עס ווערט פאַרפאַלן, ווען מע באַנוצט דידאָזיקע אַלטפּרענקישע אינסטרומענטן. פאַרן דאָרף שטייט איצט אין דער גאַנצער גרויס די פראַגע וועגן פאַרבייטן די סאָכע אַף אַ גוטן אַקעראייזן. וואו זשע נעמט מען אַקעראייזנס און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס? דאָס צאַרישע רוסלאַנד פלעגט זיי אַריינפירן פון אויסלאַנד. פאַר אַזאַ גרויס אַגראַר לאַנד איז דאָס אַן עמעסע בושע. די פּראָדוקציע פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס האָט שוין אַצינד ווייט אַריבערגעיאָגט די פאַרמילכאָמע=נאָרמעס. אין די נאָענטסטע יאָרן דאַרף דידאָזיקע פּראָדוקציע פאַרברייטערט און אַנטוויקלט ווערן. אין ראָסטאָוו=דאָן בויט מען איצט אַ גרויסן זאַוואָד פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. אונזער אייגענע אינדוסטריע וועט אינגאַנצן באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער לאַנדווירטשאַפט אין מאַשינעס. לויטן פינפיאָריקן פּלאַן דאַרף די פּראָדוקציע פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס אויסוואַקסן אין 4 מאָל.

## קינסטלעכע באַמיסטיקונג

עס איז באַוואוסט, וואָס פאַר אַ גרויסע באַדייטונג עס האָבן אין דער איצטיקער מילכאָמע די סאַם=גאַזן. דידאָזיקע גאַזן ווערן אויסגעאַרבעט אין דער כעמישער אינדוסטריע. אין פרידנס=באַדינגונגען ברענגט אָבער די כעמישע אינדוסטריע גרויסע נוצן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט. דיזעלבע סאַם=גאַזן ווערן באַנוצט אַף צו פאַרניכטן די מאַזיקים אין דער לאַנדווירטשאַפט. די כעמיע שאַפט מעכטיקע מיטלען צום קאַמף מיטן היישעריק און אַנדערע מאַזיקים.

אָבער נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג האָבן יענע צווייגן פון דער כעמישער אינדוסטריע, וואָס אַרבעטן אויס קינסטלעכע באַמיסטיקונג. באַ דער אומגעהויער שוואַכקייט פון די כעמישע זאַוואָדן אין רוסלאַנד האָט דאָס דאָרף אין די אַמאָליקע צייטן קימאַט ניט געוואוסט פון קינסטלעכער באַמיסטיקונג. מע האָט געאַרבעט אָן אויפהער אַף איין און דערזעלבער ערד, זי אויסגעצערט, פון יאָר צו יאָר באַקומען אַלץ אַן ערגערע גערעטעניש. און אין די אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פלעגט זיך די גערעטעניש פון יאָר צו יאָר פאַרבעסערן אַדאַנק דעם, וואָס עס איז באַנוצט געוואָרן קינסטלעכע באַמיסטיקונג.

עס איז אויסגערעכנט, אַז אויב מע זאָל באַנוצן אַן ערעך 4 צענטנער קינסטלעכע באַמיסטיקונג אַף אַ העקטאַר ברויט און צו 6 צענטנער אַף אַ העקטאַר אַנדערע מינים טעכנישע קולטורן, וואָלט די גערעטעניש אויסגעוואַקסן אין אָנדערהאַלבן מאָל. אויב מיר זאָלן עס רעכענען אין געלט, וואָלט אַזאַ צוואוואוקס פון דער גערעטעניש געגעבן 5 מיליאַרד רובל. אַ העלפט פון דערדאָזיקער סומע וואָלט מען באַדאַרפט אַף צאָלן פאַר דער קינסטלעכער באַמיסטיקונג, די צווייטע העלפט וואָלט געבליבן אַלס ריינע האַכנאָסע פונם פויערטום.

אָט וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן עס זיינען באַהאַלטן אין אונזער ווירטשאַפט. די סאָוועטן־מאַכט סטאַרעט זיך דעריבער ביליקער צו מאַכן די מינעראַלע באַמיסטיקונג, ניט לגאָטע־האַלוואָעס אַף איינצוקויפן באַמיסטיקונג.

די פּראָדוקציע פון כעמישער באַמיסטיקונג וועט האַלטן אין איין וואַקסן. צום 1932/1933 י. וועט זי דערפירט ווערן ביז 8 מיליאָן טאָן, אָנשטאָט די 175 טויזנט 1927/28 יאָר.

דעריבער איז קלאָר, אַז בלויז דורך אינדוסטריאַליזאַציע און אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, וואָס אַרבעט אויס גוטע און ביליקע סכוירעס און מאַשינעס פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, וועט די לאַנדווירטשאַפט קענען אַרויסקריכן פון יענער אָפּגעשטאַנענקייט, אין וועלכער זי געפינט זיך נאָך איצט.

## אינדוסטריאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז דער סאָציאַליזם פאַרניכטעט יענעם אָפּגרונט צווישן שטאָט און דאָרף, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט באַשאַפן. דערצו איז נויטיק צו פאַרניכטן די דוירעסלאַנגע אָפּגעשטאַנענקייט פונם דאָרף. די אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט דאַרף לויט איר כאַראַקטער, לויט אירע באַדינגונגען זיך דערנעענטערן צו דער אינדוסטריעלער אַרבעט.

די מאָדערנע טעכניק עפנט אין דעם געביט גרויסע מעגלעכקייטן. אין דער לאַנדווירטשאַפט קען מען, פונקט ווי אין דער אינדוסטריע, באַנוצן מאַשינעס, וואָס פאַרגרינגערן אין אַ געוויסער מאָס די מענטשלעכע אַרבעט, העכערן איר פּראָדוקטיווקייט.

די מאָדערנע **טעכניק** מערקט אָן וועגן, ווי אַזוי מע קען מער ראַציאָנעל באַאַרבעטן און אויסנוצן די לאַנדווירשאַפטלעכע פּראָדוקטן. באַ האַנט־אַרבעט פאַרלירט פלאַקס אַ גרויסן טייל פון זיין ווערט: די פעדים צערייסן זיך, זייער קוואַליטעט ווערט

פּאַרערגערט. גוטע באַאַרבעטונג אָפּן זאַוואָד העכערט די קוואַליטעט פונם לאַנדווירטשאַפטלעכן רויוואַרג און פאַרגרעסערט אזוי אַרום די האַכנאָסע פון זיין פּראָדוצירער — דעם פויער.

דער איבערגאַנג צו דער מאַשין־באַאַרבעטונג פון דער ערד, דאָס שאַפן נייע אונטערנעמונגען צוליב דער באַאַרבעטונג פונם לאַנדווירטשאַפטלעכן רויוואַרג — דאָס אַלץ דערנענטערט די דאָרפישע אַרבעט צו דער פאַבריק־אַרבעט. דעריבער רעדן מיר אין אַזעלכע פאַלן וועגן **אינדוסטריאַליזירן די לאַנדווירטשאַפט**.

הייסט עס, די ליניע צו אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד כאַפּט אַרום ניט נאָר די אינדוסטריע. **די אינדוסטריאַליזירונג פון דער לאַנדווירטשאַפט איז איינע פון די הויפּט־טיילן אין דער אַלגעמיינער אויפגאַבע צו אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד.**

אויסבויען אַ אונטערנעמונג צו באַאַרבעטן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן איז אַ באַזונדערער פויער ניט אימשטאַנד. דאָ קומט צו הילף די **קאָאָפּעראַציע**. קאָאָפּעראַטיווע בעקאָן־זאַוואָדן, זאַוואָדן אָפּצורייניקן בוימוואָל, רייניקן פלאַקס א. א. העכערן די האַכנאָסע, וואָס דער פויער באַקומט פון זיין פּראָדוקט. איינפירן מאַשינעס אין דער לאַנדווירטשאַפט איז פאַר דאָסראָוו פויערים מעגלעך בלויז מיט דער הילף פון קאָאָפּעראַטיווער פאַרייניקונג. **אַזוי אַרום איז די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט גופא, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט מיט דער הילף פון דער וואַקסנדיקער אינדוסטריע, פאַרשנעלערט דעם גאַנג פון קאָאָפּערירונג פון די מאַסן.**

---

## קאָנטראָל־פראַגן

1. אין וואָס באַשטייט דער כילעק צווישן דער צעגלידערונג אין דאָרף בא אונז אין לאַנד און אין די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס?
2. פאַרוואָס איז אונזער לאַנדווירטשאַפט, באַזונדערס די ברויט־פּראָדוקציע, אַזוי אָפּגעשטאַנען?
3. פאַרוואָס גיבן די באַלעגופים אַזאַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד דער פּאַרטיי פּאָליטיק אין געביט פון קאָלעקטיוויזאַציע און סאָווכאָזן־בויונג?
4. וואָס פאַר אַ מאָסמיטלען זיינען אָנגעמערקט אינם פינפיאָריקן פּלאַן אָף אויפצוהויבן די אָרעם־מיטלפויערשע ווירטשאַפטן?

## פּראַקטישע אופגאַבן

1. באַהאַנדלט צוזאַמען מיט אַ פּאַרטייער פון דער שעף־געזעלשאַפט די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן אין אייער שעף־דאָרף דעם סאָציאַליסטישן געוועט אָף

דורכצופירן אין לעבן די מאַסמיטלען פון צא"ק פסס"ר וועגן אויפהויבן די אינ-
דיווידועלעווירטשאַפט. דער פּראָפּאַגאַנדיסט דאַרף דורכן סעקרעטאַר פון
פּאַרטיי-קעמערל שטעלן די פאָרשלאָגן פון דער פּאַרטיי-שול אַף ברייטער באַ-
האַנדלונג אין דער וואַנט-צייטונג.

## ליטעראַטור


1. די רעזאָלוציע פון דער XVI פּאַרטיי-קאָנפערענץ איבער דער פראַגע וועגן לאַנדווירטשאַפט.

2. קאַלינין — פאָרטראַג אַף דער XVI פּאַרטיי-קאָנפערענץ, קאַפּ. „די אויפשטייג-וועגן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט".

# קאפיטל XI. קאמף פאר קולטור

די איבערדערציאונג פון די מאסן. — דער קאמף אפן קולטור-פראָנט. — די קולטור באם קאפיטאליזם. — אמעראצעס. — קאָמוניסטישע בילדונג. — אָפגעשטאנענע שטייגער-באדינגונגען. — די ווירקונג פון פיינטלעכע קלאסן. — די שעדלעכע ראָליע פון רעליגיע. — נאציאָנאלע פארורטיילן. — אומבאוואוסטזיניקייט, ספעצן-פרעסעריי א. ד. גל. — די ארבעט אין דאָרף. — ארבעטס-קולטור. — קאמף מיט שיקרעס. — די פאמיליע און די לאגע פון דער פרוי.

דער פּראָלעטאַריאַט איז דער בויער, דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. קעדיי אויסצופילן דיזאָזיקע אויפגאַבע דאַרף ער איבעראַרבעטן זיך אַליין, קולטורעל אויסוואַקסן, אַרויסרוקן פון דער אייגענער סוויווע קאַדרען, וואָס זאָלן זיין פעאיק צו באַהערשן אַלע דעראָבערונגען פון דער וויסנשאַפט, טעכניק, קונסט צוליב דער בויאונג פון סאָציאַליזם און סאָציאַליסטישער קולטור.

רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע איבערציאונג פון די מאַסן — אָט איז די גרונט-אויפגאַבע פון דער קולטור-רעוואָלוציע. איבעראַרבעטנדיק זיך גופע, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט העלפן אויך די אַנדערע קלאַסן — אין דער ערשטער ריי דעם פּויערשאַפט — זיך באַפרייען פון די קנעכטישע געוואוינהייטן און אַנשויאונגען — אָט דער ירושה פון אַמאָל, אויסאַרבעטן אַ ריכטיקע מאַרקסיסטישע וועלט-אַנשויאונג, באַקומען געוואוינהייטן און באַהערשן די אַרבעטס-קולטור.

דיזאָזיקע איבעראַרבעטונג פונם מענטשלעכן מאַטעריאַל איז אויך אַ באַזונדערע פאָרם פון קלאַסן-קאַמף, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פירט קעגן דער ווירקונג פון די רעשטלעך עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן. אַזוי אַרום רייסט דער פּראָלעטאַריאַט אָפּ פון די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן זייערע וויליקע און אומוויליקע אָנהענגער.

## 1. די וועגן פון דער קולטור-רעוואָלוציע

קולטור רופן מיר אַן אַלץ, וואָס איז באַשאַפן דורכן מענטשנס קרעפטן אין קעגנזאַץ דערצו, וואָס די נאַטור גיט אונז. צו מאַטעריעלער קולטור געהערן די פאַבריקן און זאַוואָדן, וואוינונגען, אַלע דעראָבערונגען פון דער וויסנשאַפט און טעכניק. צו דער אַזוי גערופענער „גייסטיקער קולטור“ געהערן די אַנשויאונגען, איבערצייגונגען, געוואוינהייטן, אַלע שטייגערישע אייגנטימלעכקייטן א. א. וו.

### די איבערדערציאונג פון די מאסן

קלאָר, אַז יענע קולטור, וואָס די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור באַקומט פון אַמאָל, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אויסנוצן צוליב דער סאָציאַליסטישער בויאונג; ער טאָר זי אָבער ניט אויסנוצן אָן קריטישער איבעראַרבעטונג.

מאַרקס האָט געקאָנט שאַפן די יעסוידעס פונם װיסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם בלויז דאַן, װען ער האָט באַהערשט און קריטיש איבערגעאַרבעט אַלע דערגרייכונגען פונם מענטשלעכן װיסן אין די פריערדיקע עפּאָכן. פונקט אַזוי דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אויך גרונטלעך איבעראַרבעטן די קולטור=ירושה. עטװאָס נעמט ער אָן פולשטענדיק (לעמאָשל, די דעראָבערונגען פון טעכניק, די פּינקטלעכע װיסנשאַפטן), עטװאָס ענדערט ער לאַכּלומן, עטװאָס װאַרפט ער אינגאַנצן אָפּ, אַלס איבעריקע און שעדלעכע (לעמאָשל, די פאַרשיידענע אידעאַליסטישע טעאָריעס, די רעליגיע, דעם בורזשואַזן לעבנשטייגער א. א.) פּאַראַלעל, גלייכצייטיק מיט דער קולטור=באַהערשונג מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט קומט אויך פאָר די גרונטלעכע איבעראַרבעטונג פונם אַרבעטערקלאַס גופע. ער באַקומט נייע געװאוינהייטן, מינהאָגים, באַזונדערקייטן פון לעבנשטייגער, נייע כאַראַקטער=שטריכן. עס אַנטװיקלט זיך אין אים דער קולט פון אַרבעט און געפיל פון כאַװערישקייט. אָן אַ בייטש, אָן אַ דרוק הויבט ער אָן אַרבעטן װי ס'געהער צו זיין. אַקשאָנעסדיק גייט ער צו זיין ציל. ער אַרבעט פלייסיק צוליב די אינטערעסן פונם גאַנצן קלאַס, אין נאָמען פונם פולן ניצאָכן פון קאָמוניזם. ער אַנטװיקלט ברייט זיינע פעאיקייטן און באַנוצט זיי צוליב דער אַלגעמיינער זאַך. ער טרעט פרייװיליק אַריין אינם סאָציאַליסטישן געװעט, קעדיי אויפצוהויבן די פּראָדוקציע און פאַרשטאַרקן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט

אַזוי שאַפט די איבערגאַנגס=עפּאָכע נייע מענטשן, װאָס זיינען שוין באַפרייט פונם יאָך פון בורזשואַזע פּאָרורטיילן.

אין פּראָצעס פון אָט דער שעפערישער אַרבעט, אין פעריאָד פון סאָציאַליסטישער בויאונג אַנטשטייען די יעסוידעס פון דער נייער קולטור.

אַף װיפל עס עקזיסטירן נאָך קלאַסן, אינם איבערגאַנגס=פעריאָד, און די שעפערישע הויפט=ראָלע געהערט צום פּראָלעטאַריאַט, קאָן אָט די נייע קולטור אָנגערופן װערן פּראָלעטאַרישע. זי שפּיגלט אָפּ די געדאַנקען, געפילן און שטרעבונגען פונם אַרבעטערקלאַס. אַף װיפל דער פּראָלעטאַריאַט פירט די סאָציאַליסטישע בויאונג און שטרעבט איינצושטעלן דעם סאָציאַליזם, קאָן די פּראָלעטאַרישע קולטור אָנגערופן װערן (לויט אירע אויפגאַבן) סאָציאַליסטישע קולטור.

די סאָציאַליסטישע קולטור גיט איצט די ערשטע שפּראָצונגען, זי װעט זיך ברייט און פולקום אַנטװיקלען ערשט אינם פעריאָד פון קאָמוניזם. נאָר אַפילע איצט קען מען שוין זען עלעמענטן פון אָט דער קולטור, לעמאָשל, דער מוטיקער קאַמף פון דער רויטער אַרמיי, די פּאַרטיי=דיסציפּלין, דער גרויסער אויפשטייג פון דער פּראָדוקציע, די פּלאַנמעסיקייט פון דער פאָלקס=װירטשאַפט, די כאַװערישע אַרבעט פון קאָמיוג, אינם סאָציאַליסטישן געװעט פון הונדערטער טויזנטער אומפּאַרטייאישע.

די נייע קולטור אַנטשטייט אַפן באָדן פון נייע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און װערט געבויט דורך די מיליאָניקע מאַסן אין זייער טאָגטעגלעכער אַרבעט אין דער פּאַרטיי און רויטער אַרמיי, אין די סאָװעטן, אַף די פאַבריקן, אין פעלד, אַף דער שול=באַנק, אין אַרבפאַק און טאָפּר=קרייז

דער פּראָלעטאַריאַט פאַרניכטעט די מאָנאָפּאָל פון די רייכע אַף בילדונג און שטרעבט אַליין צו באַהערשן די שול און שאַפן זיינע ספּעציאַליסטן אין אַלע געביטן פון װיסנשאַפט — אינזשענערן, טעכניקער, מיליטער=ספּעצן, קונסט=טוער א. א. װ.

בלויז מיט דער הילף פון נייע קאַדרען ספּעציאַליסטן, וואָס שטאַמען פון דער אַרבעטער=סוויווע, וועט דער פּראָלעטאַריאַט קענען דערפירן די סאָציאַליסטישע איבערבויאונג פון דער ווירטשאַפט און די קולטורעלע איבערציאונג פון די מאַסן.

די קולטור איז אַזוי אַרום אַ געווער פון פּראָלעטאַריאַט אין זיין קלאַסן=קאַמף און אַ נויטיקער מיטל צו פאַרזיכערן די סאָציאַליסטישע בויאונג.

## דער קאַמף אַפן קולטור-פראָנט

די פאַרשאַרפונג פונם קלאַסנקאַמף אין לאַנד רופט אַרויס פאַראַקשנטע שלאַכטן אויך אַפן קולטור=פראָנט. אייניקע פּראָפעסאָרן, לעמאָשל, האָבן אָנגעהויבן דערווייזן, אַז אונזער אינדוסטריאַליזאַציע=פּלאַן איז אַ פאַנטאַזיע, אַז מיר האָבן גענומען אַ צו שנעלן טעמפּ א. א. וו. אַזעלכע טאַינעס ברענגען שאָדן אונזער גאַנצער זאַך פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

פאַרן לעצטן יאָר האָבן זיך באַוויזן ליטעראַרישע ווערק, וואָס לויבן דעם באַלעגוף, אַלס איינציק עמעסן טיכטיקן באַלעבאָס; און אין דער זעלבער צייט ווערט די אַרבעט פון דער פּאַרטיי אין דאָרף געמאָלט אין שוואַרצע פאַרבן.

אַזעלכע ווערק שפּיגלען אָפּ דעם ווילן פון אונזערע סאָנים און שטערן אונזער סאָציאַליסטישער אַרבעט.

אָפּטמאָל פאַרייניקן אַרום זיך גאַנצע וויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן הויפּטזאַכלעך אַזעלכע געלערנטע, וואָס שטעלן אונז אַנטקעגן בורזשואַזע אַנשויאונגען און טרעטן אַרויס קעגן אַלע אונזערע באַשלוסן.

דעם פּראָלעטאַריאַט קומט אויס אומאויפהערלעך אָפּצושטויסן דידאָזיקע אַטאַקעס. צוליב דעם דאַרף ער אָבער זיין גוט באַוואָפנט מיט וויסנשאַפט.

# 2. אונזער קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט

## די קולטור באַם קאַפּיטאַליזם

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָט דער פּראָלעטאַריאַט קיין מעגלעכקייט ניט צו באַנוצן זיך מיט די אויצרעס פון קולטור. די בורזשואַזיע דערלאָזט אויפצוהויבן די קולטורעלקייט פון פּראָלעטאַריאַט נאָר אין אַזאַ מאָס, ווי עס לוינט פאַר איר. אַזוי, לעמאָשל, פירט זי איין אַלגעמיינע בילדונג און שאַפט אַ נעץ עלעמענטאַרע טעכנישע שולן דערפאַר, ווייל די אַרבעט פון גראַמאַטנע אַרבעטער איז פּראָדוקטיווער. די בורזשואַזיע בויט שפּיטאָלן און אָרגאַניזירט מעדיצינישע הילף פאַר אַרבעטער, ווייל עפּידעמיעס און קראַנקייטן דראָען איר איינענעם וואָוילשטאַנד.

דערפאַר דערלאָזט זי אָבער ניט דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער הויך=שול (אוניווערזיטעט) אָדער צו די אַנדערע וועגן פון באַהערשן די קולטור=הויכן, ווייל אַלע קאָמאַנדיר=הויכן און די צוגרייטונג צו זיי פאַרהיט זי בלויז פאַר איר קלאַס.

די וויסנשאַפט, די קונסט, אַלע אויצרעס פונם מענטשלעכן וויסן געהערן אין דער בורזשואַזער מעלוכע בלויז צו אַ קליינער גרופּע. דאָס אַלץ ווערט אַ מיטל פון מאַכט אין די הענט פון אַ הייפל עקספּלואַטאַטאָרס.

דער פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך אין די קייטן פון דער בורזשואזער קולטור. אין שול, אין קירכע, אין כיידער, אין די צייטונגען און ביכער דויבעט מען אים איין בורזשואזע אידייען, געוואוינהייטן און געפילן. די בורזשואזע קולטור דעמאָראַליזירט אים, אָבער ביזן פּאָליטישן ניצאָכן איבערן עקספּלואַטאַטאָרן=קלאַס איז ער ניט בעקויעד צו באַקעמפן אַט די ווירקונג און אין דער פולער מאָס צו אַנטוויקלען זיינע אייגענע אָנשויאונגען, זיין אייגענע קולטור.

קאָלזמאַן די בורזשואזיע האַלט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט אין אירע הענט, האָבן די אַרבעטער קיין מעגלעכקייט ניט קולטורעל צו וואַקסן און אַנטוויקלען זיך. די בורזשואזיע וועט זיי קיינמאָל ניט דערלאָזן צו העכערער בילדונג און צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. בלויז נאָכן ניצאָכן איבער דער בורזשואזיע קאָן זיין אַ רייד וועגן פּראָלעטאַרישער קולטור.

## אמעראַצעם

אינם סאָוועטן=פאַרבאַנד האָבן די אַרבעטנדיקע אַ מעגלעכקייט צו באַהערשן די מענטשלעכע קולטור און אויסנוצן זי צוליב דער בויאונג פון סאָציאַליזם. אונזער קולטור=אַרבעט האָט פאַר זיך אָבער אומגעהויערע שוועריקייטן אַדאַנק דער גרויסער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט פון די אַרבעטער און פּויערים. די צארישע רעגירונג האָט געקעמפט קעגן בילדונג, באַזונדערס קעגן דעם וואוקס פון קולטורעלקייט צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט. דעריבער זייגען מיר אין קולטורעלן געביט שטאַרק אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע לענדער.

אינם אייראָפּעאישן טייל פון רספּס"ר זייגען אַף יעדער 100 מענטשן עלטער פון 8 יאָר פאַראַן 44 אַמעראַצים (ד. ה. גראַמאַטנע זייגען פאַראַן אביסל העכער פון אַ העלפט). צווישן פרויען איז די צאָל אַמעראַצים 59% (ד. ה. 59 פון יעדע 100).

אין אייניקע ראַיאָנען איז די צאָל פרויען=אַמעראַצים נאָך גרעסער — אין דאַגעסטאַן איז אַף יעדע 100 פרויען פאַראַן בלויז 4 גראַמאַטנע, אין באַשקיריע — 22 א. א. וו. מע דאַרף באַמערקן, אַז צווישן די שטאָטישע איינוואוינער (ד. ה. מייסטנטייל צווישן אַרבעטער) איז די אַמעראַצעס אַ קלענערע איידער אין דאָרף. אין די שטעט איז אַף יעדע 100 מענטשן פאַראַן 20 אַמעראַצים, אין די דערפער איז אַ העלפט אַמעראַצים, און אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט מען שוין דערגרייכט צו אַלגעמיינער שריפטקעגעוודיקייט..

לויט דער צאָל שילער שטייען מיר אויך אַפן לעצטן אָרט. בּאַ אונז אין רספּס"ר איז אַף יעדע 1000 מענטשן פאַראַן 75 שילער, אין אַמעריקע — 206, ענגלאַנד — 187, יאַפּאַן — 148 און אַפילע אין גריכנלאַנד און דאָרעם=אַמעריקע — מער איידער בּאַ אונז. אַפילע אַווסטראַליע (163) און ניי=זעלאַנד (191) האָבן אונז וויט אַריבערגעיאָגט.

באַזונדערס שטאַרק איז די אָפּגעשטאַנענקייט אין אונזערע מיטל=אַזיאַטישע רעפּובליקן, אין די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן, ערטערווייז אַף טראַנס=קאַווקאַז.

דער קאַמף פאַר גראַמאַטע איז איצט דער יעסאָד פון אונזער קולטור=אַרבעט. לענין האָט געזאָגט: „אַן אַמאַרעץ שטייט אויסער פּאָליטיק, מע דאַרף אים לעכאַטכילע אויסלערנען דעם אַלעפּבייס. אָן דעם קאָן קיין פּאָליטיק ניט זיין“.

## צאָל שילער אַף 1000 מאַן באַפעלקערונג




קעדיי צו ליקווידירן די אַמעראַצעס פון דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג, האָט די סאָוועטן=מאַכט, דער קאָמיוג אָרגאַניזירט אַ ברייטע באַוועגונג פון פרייוויליקע אָרגאַניזאַציעס און קרייזלעך. דעמדאָזיקן קאַמף מיט אַמעראַצעס דאַרף מען ענערגיש פאַרזעצן. יעדער גראַמאָטנער אַרבעטער דאַרף מיטהעלפן אָט דער זאַך.

נאָר באַ דער סאָוועטן=מאַכט איז די העכערע בילדונג געוואָרן צוטריטלעך פאַר אַרבעטער און פויערים. גלייכצייטיק האָט מען איצט אָנגעהויבן ווענדן מער אויפמערקזאַמקייט אַף פאַרשיידענע אינסטיטוטן, אַקאַדעמיעס, ביבליאָטעקן, מוזייען א. א. וו. מיר פילן אַ שטאַרקן דוחק אין וויסנשאַפטלעכע קרעפטן, אין כעמיקער, אינזשענערן, אַגראָנאָמען, פּראָפעסאָרן א. א. וו. מיר האָבן נאָך ניט קיין גענוגנדיקע צאָל וויסנשאַפטלעכע אנשטאַלטן און אינסטיטוטן, וואָס זאָלן צושטעלן די קולטורעל=וויסנשאַפטלעכע קאַדרען.

מיר פאַרמאָגן זייער ווייניק ביבליאָטעקן, לייען=זאַלן, קולטור=אַנשטאַלטן. דאָס דאָרף, לעמאָשל, האָט גאָר ווייניק ביכער, קינאָ, טעאַטערס, ראַדיאָ. אַלע אָרטיקע קויכעס דאַרפן אַריינגעצויגן ווערן אין קאַמף פאַר קולטור.

## קאָמוניסטישע בילדונג

בעאיים דער אָרגאַניזירונג פון דער בילדונג ווערט באַ אונז דורכגעפירט דער קלאַסן=פרינציפּ. מיר גיבן אַ מעגלעכקייט זיך לערנען אין דער ערשטער ריי דעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמען פויערטום, ווייל דידאָזיקע שיכטן זיינען די באַזע פאַר דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין לאַנד.

פון דער אַנדערער זייט, בויען מיר די גאַנצע בילדונגס=אַרבעט אַף אַזאַ אויפן, זי זאָל געבן און דערציען באַ די נייע דוירעס קאָמוניסטישע אָנשויאונגען און געוואוינהייטן. די שול פון אַלע שטופעס דינט באַ אונז אַלס געווער פאַר דערציען נייע בויער פון סאָציאַליזם און דערשטיקן די פיינטלעכע בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע.

די בויאונג פון סאָציאַליזם, די פולע רעאָרגאַניזאַציע פון אינדוסטריע, די קאָלעקטיוויזירונג פון דער לאַנדווירטשאַפט פאָדערן פון אונז פיל הונדערטער טויזנטער גראַמאַטנע גוט קוואַליפיצירטע אַרבעטער, נייע טעכניקער, אינזשענערן, אַגראָנאָמען. אָן דידאָזיקע קאַדרען וועלן מיר ניט קענען דורכפירן די ווירטשאַפטלעכע איבערבויאונג פונם לאַנד אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס.

דערווייל האָבן מיר נאָך אַפילע ניט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן די זאַך, פון אַלגעמיינער בילדונג פאַר די אונטערוואַקסנדיקע דוירעס, ד. ה. אַלע קינדער זאָלן אָבליגאַטאָריש דורכגיין די שול פון דער ערשטער שטופע (4 יאָריקע שול פאַר קינדער פון 8—11 יאָר). ערשט ווען מיר וועלן אַסיגנירן ניט ווייניקער פון 2 מיליאַרד רובל, וועלן מיר אין 6—7 יאָר אַרום קאָנען דורכפירן די אַלגעמיינע בילדונג. די נעץ שולן פון דער צווייטער שטופע דאַרף מען אויך פאַרברייטערן.

אַכוץ דעם, מוזן מיר פאַרברייטערן און פאַרפעסטיקן יענע שולן, וואָס גרייטן צו קוואַליפיצירטע אַרבעטער (פראָפשולן, פאַבריק-שולן א. א.). אין משך פון די נאָענטסטע פינף יאָר וועט זיך פאַר אונזער אינדוסטריע פאָדערן ניט ווייניקער פון 400 טויזנט נייע אַרבעטער — שלאָסערס, טאָקערס, פרעזירער, און אַזוי ווייטער.

מע דאַרף נאָך מער פאַרברייטערן אונזערע טעכניקומען און הויך-שולן און פראָלעטאַריזירן זייער באַשטאַנד. פאַר די לעצטע יאָרן האָט די צאָל אַרבעטער אין די הויך-שולן דערגרייכט ביז אַ דריטל און פויערים — ביז אַ פערטל.

## אָפּגעשטאַנענע שטייגער - באַדינגונגען

אונזערע אַלגעמיין-שטייגערשע און וואוינונגס-באַדינגונגען זיינען נאָך פאַר די אַרבעטנדיקע זייער שווער. די באַפעלקערונג וואוינט זייער געדיכט, אין ענגע און אומגעזונטע באַדינגונגען. אין הונדערטער שטעט און אַרבעטער-אישואווים איז אינגאַנצן ניטאָ פאַראַן קיין וואַסער-לייטונג און קאַנאַליזאַציע. די פויערשע כאַטע און די סאַקליע פונם באַרג-איינוואוינער דערמאָנען מיט זייערע אומבאַקוועמלעכקייטן די לאַנג פאַרגאַנגענע עפּאָכן.

עס הערשן נאָך באַ אונז קראַנקייטן, וואָס זיינען שוין אין די לענדער פון אייראָפּע לאַנג פאַרשוואונדן (פעסט, פאָקן). ניט געקוקט אַפן וואוקס פון אונזער שפּיטאָלן-נעץ (פאַר 6 יאָר האָבן מיר דורכגעמאַכט פונקט אַזוי פיל, וויפל די צאַרישע רעגירונג פאַר 15) אין רספּס"ר, קומט פונדעסטוועגן אויס איין קראַנקן-בעט אַף יעדע 606 מענטשן, בעאיים אין שוועדן — אַף 90, אין דייטשלאַנד — 145, אין פראַנקרייך — אַף 175.

באַזונדערס שווער רופט זיך אָפּ דאָס, וואָס עס זיינען באַ אונז ניט פאַראַן קיין קולטורעלע פאָרמען פון צוזאַמענוואוינונג, מיר קענען ניט שנעל און אַקוראַט אַרבעטן, אָפּהיטן די אייגענע און פרעמדע צייט א. א. וו. אַזעלכע געוואוינהייטן קומען מיט דער צייט. אָן זיי איז שווער אויפצוהייבן די אַרבעטס-פּראָדוקטיווקייט און פירן וועלכע ניט איז אַרבעט.

אַראַנק דער אומקולטורעלקייט פון די אַרבעטער און פויערים האָבן מיר איצט דעם ביוראָקראַטיזם, אַ נידעריקע אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט, שוועריקייטן בײַ דער ווירט־שאַפטלעכער רעקאָנסטרוקציע, אַן אַפּהאַלט אין דער קאָאָפּערירונג א. א. וו.

אַ באַזונדערע באַדייטונג באַקומט איצט די פּראָבלעם אויפצוהייבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון דער באַפעלקערונג, ד. ה. אין דער ערשטער ריי איבערדערציען די אַרבעטנדיקע מאַסן אין גייסט פון סאָציאַליזם, איבעראַרבעטן זייערע געוואוינהייטן, זייער פּסיכיק.

פאַרשטייט זיך, אויפהייבן די קולטור קאָן מען בלויז דאַן, ווען דער אַרבעטער און פויער העכערן זייער מאַטעריעלן וואוילשטאַנד און ווען די מעלוכע גופא קאָן פאַרגרעסערן די הויצאָעס אַף שולן, שפּיטאַלן, אינסטיטוטן.

איצינד האָבן מיר אַ וואוקס פונעם רעאַלן אַרבעטס־לוין. עס העכערט זיך דער וואויל־שטאַנד פונעם פויערטום. די אַרבעטער און פויערים האָבן איצט מער מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן זייערע קולטורעלע באַדערפענישן.

אַכוץ דעם פאַרגרעסערט איצינד די מעלוכע די הויצאָעס אַף קולטורעלע באַדערפענישן.

# 3. קאַמף מיט רעליגיעזע און אַנדערע פאָרורטיילן

## די ווירקונג פון פיינטלעכע קלאַסן

די סאָציאַליסטישע איבערדערציאונג פון די מאַסן באַגעגנט גרויסע שוועריקייטן קוידעמקאָל דערפאַר, ווייל די אַרבעטנדיקע זײַנען אָנגעשטעקט מיט אַלערליי פאָרור־טיילן און בורזשואַזע אָנשויאונגען, דאָס איז אַ רעזולטאַט פון שווערן יאָך און הונדערט־יאָריקער רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, פון קאַליעטשען אין די שולן, ווירקונג פון דער בור־זשואַזער פּרעסע. פון דער צווייטער זייט ווערן די שוועריקייטן באַשאַפן אַראַנק דעם אומאויפהערלעכן אָנגריף אַפן זיגערישן פּראָלעטאַריאַט מיצאַד דער בורזשואַזיע און אַנדערע קלאַסן.

דער פּראָלעטאַריאַט פילט נאָך אַדהאַיעם אַ שעדלעכע ווירקונג פון פאַרשיידענע זייטן. פון איין זייט ווירקט אַף אים די נייע בורזשואַזיע (די נעפּמאַנעס) און די בור־זשואַזע, אינטעליגענץ, פון דער צווייטער — דאָס קליינע בירגערלעכע פויערטום, וואָס איז מער, אָפּגעשטאַנען, פאַרפינסטערט און אומבאַוואוסטזיניק, און זײַנע באַלעבאַ־טישע שיכטן.

דער אַרבעטער־קלאַס ווערט די גאַנצע צייט קאָמפּליצירט מיט נייע קאַדרען, וואָס קומען אָן פון דאָרף און זײַנען נאָך ניט דורכגעגאַנגען דורך דער פּראָדוקציע און דורכן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. דיזאָזיקע נייע פּראָלעטאַרישע קאַדרען טראָגן אין זיך די נעשאָמע פון אַ קליין־אייגנטימער. ניט מיטאָמאָל ווערן זיי ווירקלעכע באַ־וואוסטזיניקע פּראָלעטאַריער. זיי דריקן אַף דער איבעריקער מאַסע אַרבעטער און באַ־פעסטיקן די אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן אין פּראָלעטאַריאַט. איצינד, צוזאַמען מיט דער פאַרשטאַרקונג פונעם קלאַסנקאַמף אין לאַנד, פאַרשטאַרקט זיך אויך דער אָנגריף מיצאַד די נאַלאָכים, ראַבאָנים, סעקטאַנטן, באַלעגופים־אַנטיסעמיטן, שאָוויניסטן און אַלע סאָ־נים פון סאָציאַליזם.

## די שעדלעכע ראָליע פֿון רעליגיע

דירעליגיע איז אייגער פֿון די שעדלעכסטע רעשטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, מיט וועלכע עס קומט אויס צו פֿירן אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף.

יעדער רעליגיע (זאָל דאָס זיין דאָס קריסטנטום, קאַטאָליציזם, די אידישע רעליגיע, מאַכמעדאַניזם) איז פֿריער פֿאַר אַלץ אַ לערע וועגן דעם, אַז מיט אַלע מענטשלעכע מאַיסים און אַקטן, מיט אַלע געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונגען (לעמאָשל, רעוואָלוציעס, מילכאָמעס א. א.) פֿירן אָן אויבערנאַטירלעכע קויכעס, אַז דער מענטש דאַרף קלערן ניט וועגן פֿאַרבעסערן דאָס לעבן אַף דער ערד, נאָר וועגן עפּעס אַן אַנדער לעבן אַף יענער וועלט.

קלאָר, אַז די רעליגיע האָט שטענדיק געדינט די הערשנדיקע קלאַסן, די עקספּלואַטאַטאָרס האָבן שטענדיק געשראָקן זייערע קנעכט, לייבאייגענע און פּראָלעטאַריער מיט נאָטס=שטראָף און דערביי געצוואונגען זיי צו אַרבעטן איבער די קויכעס, אָן פּראָטעסט, צוזאָגנדיק זיי דערפֿאַר אוילעמהאַבע. די קריסטלעכע באַלעבאַטים, קאַטאָלישע, קסאָנדזן, אידישע ראַבאָנים האָבן שטענדיק מיטגעהאָלפֿן די קייסאָרים, קעניגן, אימפּעראַטאָרס און אַלע הערשנדע קלאַסן — די פּריצים און בורזשואַזיע.

אין די שולן און כאַדאָרים האָט מען געדויבעט די טאַלמידים אין קאָפּ, אַז עס איז נויטיק געטריי צו דינען דער מאַכט, אַז די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג איז געגעבן פֿון גאָט — דערפֿאַר טאָר מען זי ניט פֿאַרניכטן. אַלע מאָל, ווען די עקספּלואַטאַטאָרס האָבן געוואָלט פֿאַרטונקעלן דעם פֿאָלק דעם קאָפּ און אַריינציען אים, צום ביישפּיל, אין מילכאָמע, פֿלעגן די גאַלאָכים און ראַבאָנים קומען צו הילף און צודעקן די פֿאַרברעכנס פֿון די פֿאַרשיידענע קלאַסן מיט גאָטס נאָמען.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט=מילכאָמע, האָבן אַלע קעניגן און קייסאָרים אין זייערע מאַניפֿעסטן גערופֿן צו הילף גאָטס נאָמען, און די קלייקוידעש פֿון אַלע לענדער האָבן געלויבט זייער רעגירונג, אַלס דאָס סאַמע הייליקע און יוישערדיקע, וואָס גייט אין שלאַכט ניט צוליב פֿאַרכאַפּן פֿרעמדע ערד און פֿאַבריקן, נאָר אין נאָמען פֿונם רעבוינעשעלוילעם. דער רוסישער צאַר האָט געשריבן אין מאַניפֿעסט: „מיט טיפֿן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פֿון אונזער זאַך רופֿן מיר גאָטס בראָכע אַפֿן הייליקן רוסלאַנד און אונזער העלדישן מיליטער“. דער דייטשישער אימפּעראַטאָר האָט געשריבן: „פֿאָרויס, גאָט איז מיט אונז, פּונקט, ווי ער איז געווען מיט אונזערע עלטער=זיידעס“. דער עסטרייך=אונגאַרישער קעניג האָט געקרעכצט: „איך האָף אַפֿן אויבערשטן, ער וועט ברענגען אונזער געווער דעם ניצאָכן“. דער ענגלישער קעניג האָט געמאָלדן דעם מיליטער, ווען ער האָט עס געשיקט אַפֿן שלאַכט=פֿעלד: „איך בעט גאָט, ער זאָל אייך בענטשן און אָפּהיטן“. אָט אַזוי האָט זיך מיט גאָטס בראָכע אָנגעהויבן די אימפּעריאַליסטישע בלוטבאָד, וואָס האָט אָפּגענומען און צעקאַלעטשעט צענדליקער מיליאָנען מענטשן.

די סאָוועטן=רעגירונג האָט אַראָפּגעשליידערט די מאַכט פֿון עקספּלואַטאַטאָרס און אָפּגענומען בײַ דער רעליגיע יעדע מאַכט און דער מעלוכע. זי באַקומט בײַ דער מעלוכע קיין שום שטיצע ניט, בעאיים בײַם קייסער פֿלעגט זי באַקומען ניט ווייניקער פֿון 50 מיליאָן רובל אַ יאָר. מע האָט בײַ איר אָפּגענומען די ערדנאַכלעס — די קירכעס און קלויס=

מערם האָבן געהאַט 2¾ מיליאָן העקטאַר ערד. מע האָט בײַ איר אָפּגענומען די שולן, — די גאַלאָכים האָבן איצט קײן רעכט ניט לערנען קינדער. דאָס ראָוו מאָנאַסטירן איז פאַרמאַכט געוואָרן — פריער איז געווען העכער טויזנט מאָנאַסטירן מיט 80 טויזנט פאַראַזיטן פון בײדע געשלעכטן. צוגלײַך מיט דער „צערקאָווע־פּריכאָדסקאַיאַ שקאָלע" איז פאַרמאַכט געוואָרן דער כײדער און די יעשיווע. קײן טווירע לערנט מען ניט אין די שולן. די מעלוכע קעמפט מיטן יעדן פּרוּוו פון די אידישע קלײ־קוידעש פאַרפינסטערן די מויכעס פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, פון די אונטערוואַקסנדיקע דוירעס.

אַכוץ די אַלע מעלוכע־מיטלען האָבן מיר אָנגעהויבן אַ ברײטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, קעדײ צו באַפרײַען די באַפעלקערונג פון די דוירעסלאַנגע פאַרורטײלן.

קאָלזמאַן עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליזם, בײַ וועלכן די אַרבעטנדיקע זײַנען דערשטיקט און קימאַט ווי הילפלאָז קעגן די קויכעס פון קאַפּיטאַליזם, ביז דאַן קאָן די רעליגיע האָבן אַ באָדן. דאָס אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם רײניקט אָפּ דעם באָדן פאַר דער פולער פאַרניכטונג פון רעליגיע. בײַם סאָציאַליזם וועט אינגאַנצן פאַרשוואונדן ווערן דאָס גלויבן אין גאָט. פונקט ווי עס איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פאַרשוואונדן דאָס אוראַלטע גלויבן אין מאַכשײפעס, הויזגײסטן א. א.

דער סאָציאַליזם פאַרפעסטיקט די שעפערישע קראַפט פונם מענטשן, וועלכער קאָן דורך פאַרײניקונג און געמײנזאַמען קאַמף זיך דערשלאָגן צו בעסערע באַדינגונגען פונם מענטשלעכן לעבן אַף דער ערד און צו נײַע ניצכוינעס פון דער ווירטשאַפט איבער די נאַטור־קויכעס.

אַ קאָמוניסט קאָן ניט גלויבן אין גאָט, ווײַל ער ווײס, אַז דאָס גלויבן אין אויבערנאַטירלעכע קויכעס איז אַנטשטאַנען בײַם מענטשן אין די אוראַלטע צײַטן און ווערט ניט באַשטעטיקט דורך דער וויסנשאַפט און דערפאַרונג. ער פאַרשטײט, אַז אין יעסאָד פון די געזעלשאַפטלעכע דערשײנונגען ליגן באַזונדערע געזעצן, וואָס זײַנען אויפגעדעקט אין מאַרקס, ענגעלס און לענינס וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און ניט גאָטס ווילן. ער פאַרשטײט, אַז די רעליגיע איז בלויז אַ מיטל צו פאַרטונקלען דעם באַוואוסטזײַן פון די פעלקער.

אַ קאָמוניסט דאַרף קעמפן מיט רעליגיע. דאָ דאַרף מען האַנדלען זײער פאָרזיכטיק, ווען מע האָט צו טאָן מיט אַרבעטער פון דאָרף, אָבער שאַרפער און אַנטשלאָסן, ווען מע רעדט מיט אַן אַלטן פּראָלעטאַריער. מע דאַרף געדענקען, אַז יעדע באַלײדיקונג פונם געפיל קאָן בײַ אַ גלויביקן בלויז פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם. אויב מיר זאָלן מיט געוואַלד פאַרמאַכן די קלויסטערס און די באָטעמעדראָשים, וואָלט עס נאָר פאַרשטאַרקט די רעליגיע און אַרויסגערופן אַ פאַראַקשנטן קאַמף. מע דאַרף פירן אַן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, איבערצײַגן אין דער שעדלעכקײט פון רעליגיע, העכערן די קענטענישן פון די אַרבעטער און פּויערים, דורכפירן אין דער שול אַן אַנטירעליגיעזע דערציאונג.

דורך ברײטער וויסנשאַפטלעך־אויפקלערישער און אַנטירעליגיעזער אַרבעט קען מען ביסלעכווײַז באַפרײַען די אַרבעטנדיקע פונם רעליגיעזן טשאַד.

פאַר דער לעצטער צײַט זעען מיר, אַז דער אַרבעטער־קלאַס און דאָס אָרעמ־ און מיטל־פּויערטום, די קוסטאַרן גײען אַלץ מער אַוועק פון רעליגיע. די אַרבעטער זאָגן זיך

אָפּ צו פייערן די רעליגיעזע יאָנטויווים, קוסטאַרן און שטעטלדיקע באַלמעלאָכעס פאַדערן, מע זאָל די באַטעמעדראָשים פאַרוואַנדלען אין קלובן. דער אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד וואַקסט. די יוגנט גייט אַוועק פון דער קירכע און בעסמעדרעש.

דער קאַמף מיט דער רעליגיע וועט אָפּנעמען אַסאַך צייט, מע דאַרף אים אָבער פירן אַקשאָנעסדיק, ניט אָפּשוואַכנדיק דעם אָנגריף. באַזונדערס שאַרף דאַרף געפירט ווערן דער קאַמף קעגן רעליגיעזע פאָרורטיילן צווישן דער יוגנט. דורך אַ ריכטיקער אַנטירעליגיעזער דערציאונג פון דער יוגנט וועלן מיר דורך איינעם אָדער צוויי דוירעס קענען דערגרייכן, די רעליגיע זאָל אינגאַנצן פאַרשוואונדן ווערן אין אונזער פאַרבאַנד.

אַ גרויס אָרט דאַרף פאַרנעמען די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אידישער סוויווע. די רעליגיע האָט שטענדיק געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם אידישן לעבן. די דערשטיקטע און עקספּלואַטירטע דורכן צאַריזם און דורך דער אייגענער בורזשואַזיע האָבן די אידישע מאַסן אָפּטער פון אַנדערע געוועגדט די אויגן צו גאָט, געוואַרט פון אים אַף באַפרייאונג, געגלויבט, אַז אָנשטאָט די צאָרעס דאָ אַף דער וועלט, וועלן זיי באַקומען אייביקן גליק אַף יענער וועלט. די אידישע בורזשואַזיע האָט מיט דער הילף פונעם ראָוו און קלייקוידעש פאַרסאַמט דעם באַוואוסטזיין פון די אידישע פאָלקס-מאַסן. די רעליגיע האָט געלאָזט טיפע וואָרצלען אינעם שטייגער פון די אידישע אַרבעטנדיקע, פון דער אידישער יוגנט.

נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָבן די קלייקוידעש פאַרלאָרן זייער באָדן — דער כיידער, די יעשיווע זיינען באָטל געוואָרן. די אידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן, און דער ערשטער רייַ די אַרבעטנדיקע יוגנט, האָבן ביסלעכווייז אָנגעוואָרן דעם צוטרוי צו רעליגיע. פאַר 10 יאָר איז אָבער אומעגלעך געווען אינגאַנצן צו פאַרניכטן די ווירקונג פון רעליגיע אַף די ברייטע מאַסן אידישע אַרבעטנדיקע פון שטאָט, שטעטל און דאָרף. צו שטאַרק איז נאָך דער דרוק פון מינהעג און טראַדיציע, פון די פאַרשיידענע רעליגיעזע פאָרורטיילן. באַזונדערס שטאַרק איז ער אין שטעטל.

די רעשטן פון דער אַלטער אידישער בורזשואַזיע און די נייאויפגעקומענע אידישע נעפּליט קעמפן אָבער פאַר זייערע פּאָזיציעס. די רעליגיע איז איינע פון זייערע קאַמפּסמיטלען. דער אידישער קלעריקאַליזם האָט פאַר דער לעצטער צייט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די אידישע בורזשואַזיע שטרעבט צו באַהערשן מיט איר שעדלעכער ווירקונג די אידישע אַרבעטנדיקע, אין דער ערשטער רייַ — די אונטערוואַקסנדיקע דוירעס. צוליב דעם ווערט אויסגענוצט דאָס אַלטע אויסגעפּרואווטע געווער — די רעליגיע. דורך רעליגיע וויל דער אידישער נעפּמאַן און באַלעגוף אַרויסרייסן די אידישע יוגנט פון אונטער דער קאָמוניסטישער ווירקונג. דערפאַר טאַקע איז פאַר דער לעצטער צייט אויסגעוואַקסן די צאָל אומלעגאַלע כאַדאָרים און יעשיוועס, פאַרשיידענע רעליגיעזע גרופּן און אָרגאַניזאַציעס, דערפאַר טאַקע זיינען די אידישע קלייקוידעש געוואָרן אַזוי האָזעדיק און רייסן זיך אַריין אין אַלע ווינקלען פונעם אידישן לעבן. בעאיים די וואַלן אין די סאָוועטן, אין דער אַרבעט פון די פאַרשיידענע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל, — אומעטום טרעט אַרויס דער ראָוו, די קלייקוידעש. באַזונדערס שטאַרק איז די ווירקונג פון די רעליגיעזע מינהאָגים און טראַדיציעס: דער יאָנטעוו, רעליגיעזע כאַסענעס א. א. וו.

דידאָזיקע פרואוון דאַרפן באַגעגענען אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד מיצאַד דער אָרגאַניזירטער אידישער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפט. די פּאַרטיי, דער קאָמיוג, די אידישע אַרבעטער, די פּראָלעטאַרישע אינטעליגענץ, די קולטור=טוער — אַלע קויכעס דאַרפן מאָביליזירט ווערן צום קאַמף קעגן קלעריקאַליזם און בורזשואַז=רעליגיעזער ווירקונג אַף די אידישע מאַסן, אַף די אונטערוואַקסנדיקע דוירעס אידישע אַרבעטנדיקע. ברייטע נאַטור=וויסנשאַפטלעכע, אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי און סאָוועטן=מאַכט אין דער אידישער סוויווע.

## נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן

אַ צווייטער פאַרשפּרייטער פאָרורטייל איז בא אייניקע פּראָלעטאַריער די נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט, סינע צו אַנדערע פעלקער.

אָפט קומט אויס צו הערן, אַז אַן אַרבעטער — אַ גוויסרום איזדעקעוועט זיך איבער אַן אוקראַינער, רופט אים אַן כאָכאָל, שפּאָט איבער זיין שפּראַך, אַ אידן רופט ער „זשיד“ און דער אידישער אַרבעטער רופט דעם רוסישן „גוי=כאַזער“. אַף טראַנסקאַווקאַז איז נאָך גיט פאַרשוואונדן די סינע צווישן גרוזינער און אַרמענער, אָדער אַרמענער און אַזערבייַדזשאַנער. אין די מיטלאַזיאַטישע רעפּובליקן עקזיסטירט אַן אומצוטרוי מיצאַד די אוזבעקן צו די טורקמענער, טורקמענער און קירגיזן א. א. וו. מיט דידאָזיקע נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן איז אויך אָנגעשטעקט אַ טייל אַרבעטנדיקע.

באַזונדערס איז פאַרשפּרייט דער אַנטיסעמיטיזם. פאַר דער לעצטער צייט זיינען פאַרעפנטלעכט פיל פאַקטן פון אַנטיסעמיטיזם (די מאַיסע=באַרשיי אין באָברויסק, די דערמאָרדונג פונעם קאָמיוגיסט באַלשעוועניקאָוו און פסקאָם א. א.). פון דער אַנדער זייט וואַקסט דער שאָוויניזם אין דער אידישער סוויווע (די בוליגאַנישע אַרויסטרעטונג פון 2 אידישע קאָמיוגיסטן אַפן זאַוואָד „אָקטיאַבר“, דאָס איזדעקעווען זיך איבער גיט אידישע אַרבעטער א. ד. גל.).

דידאָזיקע טרויעריקע דערשיינונגען האָבן אַלע איין פּאָנעם. זיי זיינען אַ געווער פון קלאַסן=סוינע. אונזער אָנגריף אַפן באַלעגוף און נעפּמאַן, דער וואוקס פון קלאַסנקאַמף אין לאַנד, רופן אַרויס אַ ווידערשטאַנד מיצאַד דידאָזיקע שיכטן. אין זייער קאַמף קעגן פּראָלעטאַריאַט לאָזן די קאַפּיטאַליסטן פון אַלע נאַציעס אין גאַנג דאָס אַלטע געווער — דעם אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם.

אַלע רעשטלעך פון דער אַלטער אָרדענונג, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין אונזער שטייגער, דאַרף די פּאַרטיי ענערגיש באַקעמפן. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער נוצן די קאַפּיטאַליסטן אויס די סינע און קאַמף צווישן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, קעדיי צו פאַרפעסטיקן זייער אייגענע הערשאַפט. דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע קעגן עקספּלואַטאַציע ווענדן די קאַפּיטאַליסטן קונציק אָפּ קעגן די נעגערס, אידן, יאַפּאַנישע און אינדוסישע עלעמענטן (צום ביישפּיל, אין אַמעריקע, דאָרעם=אַפריקע א. א.).

די קאָמוניסטן קעמפן פאַר פולער גלייכהייט פון אַלע נאַציעס. פאַרן אַרבעטער איז יעדער אַרבעטער אַ ברודער, אַ כאַווער, מיט די זעלבע באַדערפעניש און אַ גטערעסן. בלויז אַפן באָדן פון געמיינזאַמער אַרבעט מיצאַד די אַרבעטנדיקע פון פאַרשיידענע

נאַציאָנאַליטעטן איז מעגלעך דער ניצאָכן פון סאָציאַליזם. יעדער קאָמוניסט און קאָמ־יוגיסט, יעדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער דאַרף קעמפן קעגן דער נאַציאָנאַלער אָפּ־געזונדערטקייט און באַגרעניצונג, קעגן דער סינע צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. דער אי־דישער אַרבעטער און פויער דאַרפן באַקעמפן די נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט, דעם שאָוויניזם און נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, די סינע צום רוסישן, אוקראַאינישן און ווייסרוסישן אַרבעטער און פויער. זיי דאַרפן וויסן, אַז דאָס זייגען ניט קיין סאָנים זיי־ערע, נאָר ברידער אין קאַמף. פונקט ווי דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ ירושע פון דער אַלטער אָרדענונג און איז אַ געווער אין די הענט פון דער גייער רוסישער בורזשואַזיע, אַזוי איז אויך די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט און שאָוויניזם פון די ווייניק באַוואוסט־זיניקע טיילן אידישע אַרבעטנדיקע אויך אַ ירושע פון אָווער, און אַ געווער אין די הענט פון דער אידישער בורזשואַזיע. קעגן אָט דער ירושע דאַרף געפירט ווערן אַן אָקשאָנעס־דיקער קאַמף.

## אומבאוואוסטזיניקייט,

### ספּעצן - פּרעסעריי א. ד. גל.

צווישן דעם אָפּגעשטאַנענעם טייל פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז נאָך פאַרבונדן מיט דער דאָרפישער ווירטשאַפט, באַמערקן זיך נאָך אַנדערע שעדלעכע פאַרורטיילן. אייניקע אַרבעטער האַלטן, צום ביישפּיל, אַז דער איקער איז באַקומען אַ גוטן אַרבעטס לוין, עס גייט אים ניט אָן, וואָס עס טוט זיך אָפּ זאַוואָד, אין וואָס פאַר אַ לאַגע עס געפינט זיך די פּראָדוקציע.

אָדער עס קומט אוים צו הערן אַזאַ טאַינע: „צו וואָס דאַרפן מיר אָפּרעכענען געלט צו הילף די ענגלישע אָדער דייטשישע אַרבעטער־שטרייקער, זיי פאַרדינען דאָך מער פון אונז און עסן אַביסל בעסער — זאָלן זיי זיך באַגיין אָן אונז.

אַזאַ אַרבעטער פאַרשטייט ניט, אַז זיין אַרבעטסלוין איז סאָפּקאָלסאָף אָפּהענגיק פון די ערפאָלגן פון דער אינדוסטריאַליזאַציע און פּראָדוקציע־וואוקסן, אַז דער שאָלעם און פרידלעכע אַרבעט קענען פאַרזיכערט ווערן ניט נאָר מיט אונזערע קויכעס אַליין, נאָר מיט דער הילף פונם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט און מיט אונזער געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

דער שאַכטער פּראָצעס האָט באַוויזן, אַז אייניקע ספּעצן פאַראַטן אונז און צע־שטערן באַוואוסטזיניק די פּראָדוקציע. דערפאַר האָט זיך באַ אייניקע אַרבעטער פאַר־שטאַרקט די ספּעצן־פרעסעריי און די סינע צו אינזשענערן. — „צו וואָס דאַרפן מיר זיי האָבן, מיר וועלן אַלץ מאַכן מיט אונזערע אייגענע הענט“.

אונזער פּאַרטיי האָט ניט איינמאָל באַהאַנדלט דיזאָזיקע פראַגע און לעגין האָט אַסאַך מאָל איבערגעבאַזערט, אַז נאָר נאַראָנים קענען האָפן אויסצובויען דעם סאָציאַליזם בלויז מיט אַרבעטער־הענט. מיר דאַרפן אויסנוצן די קויכעס פון דער בורזשואַזער אינטעלי־גענץ. אָן וויסנשאַפט און טעכניק איז ניטאָ קיין סאָציאַליזם. אָן פּינקטלעכער מאַטעמאַ־טישער אויסרעכענונג קאָן מען ניט אויסבויען אַפילע קיין פּאָשעטע אייזנבאַן־בריק. אין אָט צוליב דער איבערבויאונג פונם גאַנצן לאַנד אַף נייע ווירטשאַפטלעכע יעסוידעס,

צוליב עלעקטריפיקאַציע פון דער ווירטשאַפט, איבערבויאונג פון דער אינדוסטריע א. א. וו. מוזן מיר טאַקע צוציען צו דער אַרבעט אַלע אינזשענערן, טעכניקער, געלערנטע, ווייל דערווייל זייגען זיי די טרעגער פון די גויטיקע קענטעגישן.

מיט דער הילף פון צאַרישע אָפיצירן האָבן מיר אויסגעבויט די רויטע אַרמיי. מיט דער הילף פון בורזשואַזע אינזשענערן און פּראָפעסאָרן האָבן מיר אָנגעהויבן דעם סאָציאַליזם. מיר דאַרפן זיי אַרומרינגלען מיט אַ כוואַרשער אַטמאָספער, אַריינציען זיי אין אונזער אַרבעט. געבן זיי גענוג זעלבשטענדיקייט אין דער אַרבעט, אָבער ניט אָפּשוואַכן דעם קאָנטראָל איבער זיי.

אַסאַך פון זיי וועלן קומען צום קאָמוניזם דורך אַ באַזונדערן וועג, ווייל זיי וועלן דערזעען, אַז בלויז די פּראָלעטאַרישע מאַכט פאַרזיכערט אַ ברייטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט און עפנט גראַנדיעזע שאַפונגס-מעגלעכקייט אין אַלע געביטן פון טעכניק. פאַרכאַפּט דען ניט די בויאונג פון דנעפּרבוי אָדער וואָלגע-דאָן-קאַנאַל דעם עמעסן אינזשענער? ווערט דען ניט פאַרכאַפּט אַן עמעסער דאָקטאָר דורך דער מעגלעכקייט אויפצוהויבן די זאַך פון געזונט-אָפּהיטונג ביז צו דער אייראָפּעאישער הויך? די אויפגאַבע אָניאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע פאַרכאַפּט דען ניט אונזערע אינזשענערן?

דער אַרבעטער-קלאַס דאַרף זיך אויסלערנען ריכטיק אויסצונוצן די וויסנשאַפטלעכע און טעכנישע קויכעס, ניט אָפּשטויסן מיט גאַיווע זייער מיטאַרבעטערשאַפט. ער זאָגט זיך אָבער ניט אָפּ פון קריטיקירן די אַרבעט פון די טעכניקער און אינזשענערן, אָבער קריטיקירן זאַכלעך, אין טאַך.

גלייכצייטיק באַשאַפן מיר און בילדן אויך אונזערע אייגענע רויטע ספּעציאַליסטן, פריער פאַר אַלץ פון די פּראָלעטאַרישע רייען. צוליב דעם פאַרגרעסערן מיר דעם פּראָצענט פּראָלעטאַריער אין דער מיטעלער שול און הויך-שול, אָרגאַניזירן די פּראַקטישע בילדונג פון די אַרבעטער-ווירטשאַפטלער, וואָס זייגען אַרויסגערוקט אַף אָנפירנדיקער אַרבעט אין דער פּראָדוקציע א. א. וו. אין דער רויטער אַרמיי בילדן שוין די רויטע קאָמוניסטישע ספּעציאַליסטן אַ מערהייט. אין אַנדערע געביטן ווערט זייער פּראָצענט אויך געהעכערט. דיזאָזיקע קאַדרען יונגע פּראָלעטאַרישע ספּעציאַליסטן ווערן ביסלעכווייז אַ גרויסע קראַפט אין דער סאָציאַליסטישער בויאונג.

## די אַרבעט אין דאָרף

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט שענקען מיר דער קולטור-אַרבעט אין דאָרף. ווען לענין האָט גערעדט וועגן קולטור-רעוואָלוציע, פלעגט ער באַזונדערס אונטערשטרייכן די נויטווענדיקייט פון קולטור-אַרבעט צווישן פויערטום.

מיר האָבן אויבן געזעען, אַז די אַמעראַצעס איז באַזונדערס גרויס אין דאָרף. דאָ האָבן נאָך אַדהאַיעס פאַרהיט זייער ווירקונג דער גאָלעך מיט זיין קירכע און דער באַלעגוף, וואָס קעמפט אַכזאָריעסדיק קעגן דער סאָוועטן-מאַכט. אין דאָרף הערשט דאָס שיקרעס, דאָרט זייגען באַזונדערס שטאַרק די רעשטלעך פונם פאַרשאָלטענעם שטייגער — דאָס שלאָגן און איזדעקעווען זיך איבער דער פרוי, כוליגאַנעריי, ווילדע אבערגלויבן, סינע צו דער שטאָטישער קולטור, די מוירע פאַר אַ נייער זאַך.

האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסצופֿאָזן גאָר ניט לאַנג פֿויערשע צייטונגען. 1 עקזעמפּליאַר קומט אויס אַף יעדע 40 מענטשן. בישטיק איז נאָך די צאָל ביכער, וואָס דערגייען צום פֿויער. אַף יעדע 100 טויזנט פֿויערים פֿאַלט אויס איין בוך. דער ראַדיאָ איז נאָך שוואַך אַריינגעדרונגען אין דאָרף.

אומעטום זעען מיר אַ גרויסע קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט פֿונם דאָרף לעגאַבע דער שטאָט. דערפֿאַר איז טאַקע גויטיק מאָביליזירן די קויכעס צוליב דעם קולטורעלן אויפֿשטייג פֿון דאָרף, קעדיי צו באַפֿרייען עס פֿון אונטער דער באַלעגופֿישער און גאַלאַכישער ווירקונג.

די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון דער קולטור־אַרבעט אין דאָרף באַשטייט טאַקע דערין, אַז מיר זאָלן פֿאַרפֿעסטיקן די פּראָלעטאַרישע ווירקונג און איבערדערציען דאָס פֿויערטום אין קאָמוניסטישן גייסט. צוליב דעם איז גויטיק ניט נאָר פֿאַרגרעסערן די צאָל שולן, צייטונגען, ביכער, ראַדיאָ און קינאָ־איינשטעלונגען א. ד. גל., נאָר טאַקע אויך דורכפֿירן עקאָנאָמישע מאָסמיטלען צו קאָלעקטיוויזירן די לאַנדווירטשאַפֿט — פֿאַרפֿעסטיקן די קאָלווירטן, די קאָאָפּעראַטיווע נעץ, שאַפֿן גייע סאָווכאָזן, פֿאַרבינדן די לאַנדווירטשאַפֿט מיט דער אינדוסטריע און אַזוי ווייטער.

די פֿאַרווירקלעכונג פֿונם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן איז ענג פֿאַרבונדן מיט רעקאָנסטרוקציע (איבערבויאונג) פֿון דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפֿט. פֿאַר פֿינף יאָר דאַרפֿן מיר אויפֿהויבן די גערעטעניש אַף 35%, פֿאַרגרעסערן דעם פֿאַרזיי־שעטאַך אַף 22%, באַדייטנד פֿאַרגרעסערן די צאָל קאָלכאָזן און סאָווכאָזן א. א. וו.

דאָס אַלץ פֿאָדערט אַ גרויסע קולטור־אַרבעט אין דאָרף. דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס פֿירט אָן מיט דער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון לאַנד, דאַרף העלפֿן דעם פֿויערטום אַרויסצוקריכן פֿון זיין קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט.

דורך די שעף־געזעלשאַפֿטן, דורך די געזערד־קאָמערלעך, דורך די פּראָפֿאַריין־מיטגלידער, וואָס לעבן אין דאָרף דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט העלפֿן דעם פֿויערטום. די אַרבעטער, און ספּעציעל די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן, וואָס לעבן אין דאָרף, דאַרפֿן זיין אַ ביישפּיל אין דער קאָלעקטיוויזאַציע און קאָאָפּערירונג פֿון דאָרף.

אין דער קולטור־אַרבעט דאַרף דער אַרבעטער־קלאַס אָנפֿירן מיטן פֿויערטום און מיטהעלפֿן אים צו געבן אַן אָנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד דעם קרעמער און באַלעגוף, דעם גאַלעך און סעקטאַנט.

## 4. בייער שטייגער

### ארבעטס - קולטור

די נידעריקע קולטור פֿון אונזער פּראָלעטאַריאַט באַשטייט ניט בלויז דערין, וואָס ער האָט ניט דעם נויטיקן וויסן און האָט זיך נאָך ניט באַפֿרייט פֿון די שעדלעכע פֿאָרורטיילן, נאָר אויך דערין, וואָס ער האָט נאָך ניט באַהערשט אייניקע נויטיקע געוווינהייטן און טראַדיציעס. פֿאַרקערט, עס זיינען פֿאַרשפּרייט געוווינהייטן, פֿון וועלכע מע דאַרף זיך באַפֿרייען.

אין מעשעד פון צענדליקער יאָרן האָט דער פּראָלעטאַריאַט געאַרבעט אונטער אַ בייטש אַף פאַבריקן, וואָס האָבן געהערט ניט צו אים, לעטויוועס דער בורזשואַזער קעשענע. אַף דער געצוואונגענער אַרבעט האָט ער געקוקט, ווי אַף אַ שווערן כוויוו. דאָס ראָוו פּראָלעטאַריער האָט געאַרבעט באַ פּרימיטיווער טעכנישער אויסשטאַטונג, וועלכע האָט ניט געפאָדערט יענע פּינקטלעכקייט און אָנשטרענגונג, ווי עס פאָדערט די אַרבעט מיט די נייסטע פאַרפולקאָמטע מאַשינעס. דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו אַ נידעריקער אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט.

די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט וועט אָבער בלויז דאַן קענען באַזיגן די קאַפּיטאַליסטישע, ווען זי וועט געבן אַ גרעסערן וואוקס פון די פּראָדוקטיווע קויכעס. דאָס איז אָבער מעגלעד נאָר דאַן, ווען די אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט וועט באַ אונז זיין העכער, איידער באַם אַרבעטער, וואָס אַרבעט אַפן קאַפּיטאַליסט.

דעריבער דאַרפן מיר זיך דערשלאָגן, אַז די שנעלע, פּינקטלעכע און פּראָדוקטיווע אַרבעט זאָל אַף אונזערע סאָציאַליסטישע זאַוואָדן און פאַבריקן גיין אָן שום אויסערלעכן דרוק און צוואַנג. עס איז נויטיק, דער אַרבעטער זאָל הויך שעצן זיין אַרבעט און אַליין שטרעבן צו בעסערע רעזולטאַטן. עס דאַרף ווערן אַ געוואוינהייט — גוט אַרבעטן, טראַכטן וועגן דער גאַנצער פּראָדוקציע, נעמען אין אַכט דעם גאַנצן פּלאַן פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

אַזעלכע אַרבעטס־געוואוינהייטן ווערן דערגרייכט דורך סיסטעמאַטישער דערציאונג און אָנגעשטרענגטער אַרבעט. קאָלזמאַן אָבער זיי וועלן ניט אַריין אין בלוט און פלייש— וועט קיין סאָציאַליזם ניט קומען. יעדער אַרבעטער פונם סאָציאַליסטישן לאַנד דאַרף ראַציאָנאַליזירן זיין אַרבעט און מי. וויסנשאַפטלעכע אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע איז אַ נויטיקער עלעמענט פון נייער קולטור.

## קאַמף מיט שיקרעס

שיקרעס איז אויך אַ שווערע געוואוינהייט, וואָס מיר האָבן געיאַרשנט פון צאַרעטור. באַם צאַריזם פלעגט בראָנפן געבן אַ דריטל פון אַלע קאַזנאַ־האַכנאָסעס. שיקרעס האָט אין דאָרף געבליט מערסטנטייל אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַרשיידענע רעליגיעזע יאָנטויווים, כאַסענעס א. ד. גל. אַ פערטכיילעק פונם גאַנצן בראָנפן פלעגט מען אויסטרינקען בעאיים די גרויסע יאָנטויווים. צווישן דער בורזשואַזיע און באַזונדערס מיליטער־לייט איז שיקרעס אויך געווען אַ געוויינלעכע זאַך.

קעדיי צו קעמפן מיט סאַמאָהאָן (עס פלעגט געפאַטערט ווערן מיליאָנען פוד ברויט) און פאַרברייטערן די האַכנאָסע־קוואַלן, זיינען מיר געווען געצוואונגען צו דערלאָזן פאַרקויפן בראָנפן. אַכוץ דעם, האָט די דערפאַרונג פון אַנדערע לענדער, וואָס האָבן פאַרבאָטן די ספּירט־געטראַנקען, באַוויזן, אַז גלאַט פאַרבאָטן בראָנפן, ניט ענדערנדיק די מאַטעריעלע און קולטורעלע לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעטנדיקע, הייסט נאָך ניט פאַרניכטן דעם אַלקאָהאָליזם.

גלייכצייטיק מיט דער פאַרפעסטיקונג פון דער ווירטשאַפט און קולטור־וואוקס, וועלן מיר פאַרקירצן די פּראָדוקציע און געברויך פון בראָנפן. שוין איצט דאַרפן מיר אָבער פירן אַ קאַמף קעגן שיקרעס.

די ציפערן באַווייזן זייער אַ שנעלן וואוקס פונם בראָנפן=געברויך. אין 1924=25 י. איז פאַברויכט געוואָרן 510 טויזנט העקטאַליטר בראָנפן, אין 1925=26 י. — 2.300.000, אין 1927=28 — 5.100.000. די שטעט געברויכן קימאַט אַ העלפט בראָנפן. דערצו דאַרף מען צוגעבן, אַז דאָס דאָרף געברויכט נאָך מער סאַמאָהאָן — אין רספס"ר אַן ערעך 600 מיל. ליטר און פאַטערט דערויף אַ מיליאָן טאָן ברויט.

אין 1927/28 י. האָט די באַפעלקערונג געפאַטערט אַף אַלקאָהאָל אַ מיליאַרד רובל, אויב רעכענען אויך ביר, וויין, סאַמאָהאָן — 1½ מיליאַרד, ד. ה. 10 רובל אַף אַ מענטשן. דערביי ווערט אין שטאָט געפאַטערט צו 24 רובל אַף אַ מענטשן, אין דאָרף צו 7 רובל. עמעס, פאַרן זעלבן יאָר האָבן די ענגלענדער פאַרברויכט אַף אַלקאָהאָל צו 70 אַף אַ מענטשן (3 מיליאַרד רובל), אין דייטשלאַנד — צו 35 רובל (2½ מיליאַרד). דאָרט איז אָבער העכער דער וואוילשטאַנד. און כוץ דעם — דאָס שיקרעס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז פאַר אונז קיין ביישפיל ניט. אין פראַנקרייך, לעמאָשל, איז פאַראַן מער שענקען איידער שולן.

די שיקרעס, רופט זיך שווער אָפּ אַף דער גאַנצער פאָלקס=ווירטשאַפט. נאָך די יאָגטעוו און זונטיק=טעג קומען אַסאַך אַרבעטער ניט צו דער אַרבעט, ווייל זיי שיקערן. דער אַלקאָהאָליזם פאַרקלענערט די אַרבעטס=פעאיקייט, ער רייסט אונטער דאָס געזונט און ברענגט צו פיל פאַרברעכנס.

קענען מיר דען האַלטן פאַר נאָרמאַל אַזאַ לאַגע, ווען די הויצאָעס אַף בראָנפן האָבן זיך פונם 1924 ביז 1926 י. פאַרגרעסערט אין 2½ מאָל, בעאיים די הויצאָעס אַף קולטורבאַדערפענישן האָבן זיך פאַרקלענערט אַף 20%. דער אַרבעטער פאַטערט נאָך איצט אַף היגיענע און קולטור=באַדערפענישן אַביסל ווייניקער איידער אַף בראָנפן.

דאָ איז נויטיק אַן אַנטשלאָסענער איבערבראָך. די אַרבעטער אַליין האָבן שוין אָנגעהויבן ענערגיש צו קעמפן קעגן שיקרעס. ביר=הייזער ווערן פאַרוואַנדלט אין טייהייזער, אָדער קלובן. די צאָל ערטער, וואו עס ווערט פאַרקויפט בראָנפן, ווערט לויט דער פאָדערונג פון די אַרבעטער, אַלץ קלענער. ענערגישער ווערט געפירט דער קאַמף מיט דורכלאָזן די אַרבעט. דערדאַזיקער קאַמף האָט זיך אָבער ערשט אָנגעהויבן.

אַפן באָדן פון שיקרעס בליט אויף כוליגאַנעריי (טשובאַראָווער איניען), געשלעכטצעלאָזנקייט און גיוול=פע.

דער אַרבעטער=קלאַס, וואָס איז באַרופן אָנצופירן מיט אַלע אַרבעטנדיקע און בויען אַ נייעם סאָציאַליסטישן לעבן, קאָן ניט זיין קיין עמעסער פירער, אויב ער וועט ניט פאַרניכטן אין זיך אָט די אַלטע געוואוינהייטן. די כוליגאַנעריי דעמאָראַליזירט יעדע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, פירט צו פאַרברעכנס און באַנדיטיזם. די געשלעכט=צעלאָזנקייט פאַרקריפּלט די באַציאונגען צווישן מענער און פרויען, רייסט אונטער דעם אָרגאַניזם פון די נייע דורעס און מאַכט כאָרעוו די יעסוידעס פון געזונטע מענטשלעכע באַציאונגען.

די יוגנט דאַרף מיט אַ באַזונדערער ענערגיע קעמפן קעגן אָט די אַלע מיעסע געוואוינהייטן. שטרענגע זעלבסטדיסציפּלין, שטאַנדהאַפטיקייט, אויסגעהאַלטנקייט זיינען פאַר אַ קאָמיוגיסט די נויטיקסטע מאַילעס.

## די פאַמיליע און די לאַגע פון דער פרוי

זייער שווער קומט אָן געזונט צו מאַכן די פאַמיליען־באַדינגונגען. דאָ זיינען באַזונדערס שטאַרק אַלע לייבאייגנטימערישע פאָרורטיילן פון דער פריערדיקער עפּאָכע.

די סאָוועטן־מאַכט האָט באַפרייט די פרוי פון אומגלייכהייט. זי שיצט די פרוי פון עקספּלואַטאַציע מיצאַד דעם מאַן. געגעבן מיטלען אַף צו באַוואָרענען אירע קינדער. דערנענטערט זי צו פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס זיינען אָבער נאָך ניט פאַרשוואונדן יענע פאָרורטיילן, וואָס האָבן אָוועקגעשטעלט די פרוי אין אַ דערנידעריקטער, אָפּהענגיקער לאַגע. אָפטמאָל שלאָגט מען נאָך באַ אונז די פרוי.

די באַפרייאונג פון דער פרוי וועט פאָרקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער געזעלשאַפטלעכער דערנערונג, מיטן שאַפן קינדער־יאַסלעס, הייזער־קאָמונעס, קלובן א. א. וו. צוזאַמען דערמיט דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבן, עס זאָלן איינגעשטעלט ווערן עמעס כאַווערישע באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי, אָן שום יאָך, אָן אומגלייכהייט.

ברייט אַריינציען אַלע בירגער אינם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן — הייסט שאַפן אַ באָדן פאַר דער איבערבויאונג פונם שטייגער אַף נייע כאַווערישע יעסוידעס. די נייע געוואוינהייטן און מינהאָגים דאַרפן אַריין אין בלוט און פלייש, מע זאָל קענען ריידן וועגן אַ קולטורעלן אויפשטייג אין לאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איבערבויאונג פונם גאַנצן לעבן דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אויך איבערבויען זיך אַליין — דערין איז די הויפּט־אויפגאַבע. ער דאַרף אויסאַרבעטן פאַר זיך אַ נייע מאָראַל — נייע אויפירונגס־נאָרמען.

קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט אַנערקענט ניט די בורזשואַזע עטיק, וועלכע באַזירט זיך אַף גאָטס־געזעצן און פאַרפעסטיקט בלויז די אָרדענונג פון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. מיר האָבן אָבער אַ קאָמוניסטישע מאָראַל, וואָס איז אונטערגעוואָרפן די אינטערעסן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף און דרינגט אַרויס פון די אינטערעסן פון אָט דעם קאַמף. אונזער מאָראַל פאָדערט אויסצופילן אַלץ, וואָס ס'העלפט מיט דער פאַרניכטונג פון קלאַסן, זי צעשטערט די יעסוידעס פון וועלכער ניט איז עקספּלואַטאַציע. די קאָמוניסטישע עטיק פאָדערט פון אונז אַן אַלטעגלעכן, אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר דער פאַרפעסטיקונג און ניצאָכן פון קאָמוניזם.

בויענדיק דעם סאָציאַליזם, ענדערט דער פּראָלעטאַריאַט די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעט־דיקע. אַפן יעסאָד פון נייע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען באַשאַפט ער אַ נייעס, פרייען, קולטורעלן שטייגער, באַ וועלכן עס ווערן ברייט און פולקום אַנטוויקלט די מענטש־לעכע פעאיקייטן.

די איבערגאַנגס־עפּאָכע באַשאַפט אויך אַ נייעם מענטשן.

## קאָנטראָל-פראַגן

1) פאַרוואָס גיט בלויז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקייט בעעמעס צו העכערן דעם קולטורעלן גראַד פון די מאַסן?

2) וועלכע סיבעס ליגן אין יעסאָד פון דער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט פון די אַרבעטנדיקע פון אונזער לאַנד, ביכלאַל און פונם פויערטום ביפּראַט?

3) אין וואָס באַשטייט דער קלאַסן-פּרינציפּ, וועלכן די פּאַרטיי און ראַטנ-מאַכט פירן דורך באַם אָרגאַניזירן די פאָלקסבילדונג?

4) וועלכע פאַקטן זאָגן אייִדעס וועגן וואוקס פון דער נייער פּראָלעטאַרישער קולטור?

5) וועלכע אויפגאַבן שטייען פאַר אונז אין דאָרף אַפן געביט פון פאַנאַנדער-וויקלען די קולטור-רעוואָלוציע?

## אויפגאַבן

1) קלייבט צונויף יעדיעס אין דער ביוראָ פון די קעמערלעך „נידער מיט אַמעראַצעס" און „אַווטאָדאָר" וועגן זייער שוץ אַרבעט, וואָס פאַר אַ קולט-אַרבעט פירן זיי אַף דער אונטערנעמונג און אין שעפירטן דאָרף און וואָסערע רעזולטאַטן באַקומען זיך פון דער אַרבעט. די אָנגעקליבענע יעדיעס שטעלט אַוועק צום באַהאַנדלען אַף די לימודים אין שול, לאַדט אויך איין אַף דידאָזיקע לימודים פאָרשטייער פון די אָנגערופענע אָרגאַניזאַציעס.

2) זאָל דער פּראָפּאַגאַנדיסט צונויפריידן זיך מיט דער ביוראָ פון פּאַרטיי-קעמערל און אָרגאַניזירן צווישן די גרופּעס צוהערער, וועלכע געהערן צו פאַרשיידענע צעכן אַ געוועט פאַר קאַמף מיט אַנטיסעמיטיזם און צעכאָווע שטימונגען בּאַ זיך אין צעך. די פּאָרמען פונם געוועט: געבן נאָטיצן אין דער וואַנטצייטונג, צונויפשטעלן טעמעס פאַר די אַרויסטרעטונגען פונם קלובישן דראַמקרייזל, עפנטלעך קריטיקירן דידאָזיקע שטימונגען אַף די פּאַרטייאישע און אומפּאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען פון דער אונטערנעמונג.

## ליטעראַטור

1) לענין — „די ניצכוינעס און שוועריקייטן פון דער ראַטנמאַכט", ב. XVI, ז. 71 (ערשטע רוסישע אויסגאַבע) פון די ווערטער „די אַלטע סאָציאַל-אוטאָפּיסטן"... ביז די ווערטער „אַט ווי אַזוי די פראַגע איז אַוועקגעשטעלט..." אַפן ז. 72.

2) דאָרטן „אַ זייטל פונם טאָגבוך", ז"ז 113—117.

3) פּראָגראַם פון קאָמינטערן, אידישע אויסגאַבע, צענטרפאַרלאַג, מאָסקווע 1928. IV פאַנאַנדערטייל, פּאַראַגראַף 7. „די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און די קולטור-רעוואָלוציע" אַפן ז. 62.

# קאַפּיטל XII. די יעסוידעס פֿונם פּאַרטיי־סטאַטוט

די לענינישע אָרגאַניזיר־פּרינציפּן. — דער קאַמף ארום די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿראגן אפֿן 2־טן פּאַרטיי־צוזאמענפֿאָר. — די פּאַרטיי־בויאונג אינם פּעריאָד פֿון דער ערשטער רעוואָלוציע. — נייע באַדינגונגען. — דער קאַמף מיט פֿראקציאָנעלקייט. — די אינערלעך־פּאַרטייאישע דעמאָקראַטיע. — זעלבסטקריטיק און די אויפֿגאַבן פֿון דער פּאַרטיי. — דער פּאַרטיי־באַשטאַנד. — די פּאַרטיי־רייניקונג. — די פּאַרטיי און די סאָוועטן. — פֿראקציעס. — קעמערל. — די גרונט־ארבעט פֿון די קעמערלעך. — די צענטראַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען. — די צק״ק. — דיסציפּלין. — אקטיווקייט. — דער פּאַרטייער גיט א ביישפּיל. — דער פּאַרטייער און דער אומפּאַרטייאישער.

די פּאַרטיי־פּראָגראַם, איר טאַקטיק און די פּרינציפּן פֿון איר אָרגאַניזאַציאָנעלער בויאונג זיינען שטענדיק ענג פֿאַרבונדן איינס מיטן אַנדערן.

די שלאַכט־אויפֿגאַבן, וואָס שטייען איצט פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, צווינגען דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו האָבן ניט בלויז אַ נייע פּראָגראַם, אַ גאַנץ אַנדערע ווי באַם 2־טן אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אויך אַ גאַנץ אַנדערן סטאַטוט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום אָנגעהויבענעם קאַמף פֿאַר פֿאַרכאַפּן די מאַכט און איינשטעלן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

אונזער פּאַרטיי האָט שטענדיק אָנגעוויזן, אַז די טאַקטיק און אָרגאַניזאַציאָנס־פֿאָרמען (סטאַטוטן) ווערן אומבאַדינגט באַשטימט דורך די אייגנטימלעכקייטן פֿון דער געגעבענער היסטאָרישער סיטואַציע. עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין קיין אָרגאַניזאַציאָנס־פֿאָרם, וואָס זאָל אין אַ גלייכער מאָס טויגן פֿאַר אַלע פּעריאָדן פֿונם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דעריבער האָט מען אויך אינם פּאַרטיי־סטאַטוט געמאַכט ענדערונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער סיטואַציע, וואָס האַלט זיך אין ענדערן און מיט דער אָנוואַקסונג פֿון נייע אויפֿגאַבן פֿאַר דער פּאַרטיי.

דער פּאַרטיי־סטאַטוט דאַרף פֿאַרזיכערן די אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט פֿון דער פּאַרטיי, איר באַהעפֿטקייט און דיסציפּלינירטקייט איר קאַמפֿס־כאַראַקטער, איר פּראָלעטאַרישן באַשטאַנד. און נאָענטקייט צו די מאַסן, איר פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט צענטראַליזם (מיט שטאַרקע אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען).

## 1. דער קאַמף פֿאַרן סטאַטוט

### די לענינשע אָרגאַניזיר־פּרינציפּן

אונזער פּאַרטיי איז אַנטשטאַנען און זיך אויסגעבילדעט אין יענער עפּאָכע, ווען די אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך געפֿונען אונטער די אַכזאָריעסדיקע רעדיפֿעס פֿון דער צאַרישער רעגירונג. אין דערזעלבער צייט, האָבן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע עקזיסטירט פֿאַרשיידענע קליינבירגערלעכע שטרעמונגען, וואָס האָבן זיך געפּרואווט ווירקן אַפֿן אַרבעטער־קלאַס.

באַ דידאָזיקע באַדינגונגען האָט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאַרטיי=געבוי געדאַרפט באַוואָרענען די אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט פון דער פּאַרטיי, די גענוגנדיקע קאָנספּיראַטיווקייט *, אַ פעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַ בויגעוודיקייט אַף מאַנעווירן אין די שווערע שלאַכטן קעגן דער זעלבסטהערשונג.

ערעוו דעם 2=טן פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר האָט לענין געקעמפט פאַר די פאָלגנדיקע דריי הויפּט=פּרינציפּן פון דער פּאַרטיי=בויאונג:

1) ער האָט געהאַלטן, אַז די פּאַרטיי דאַרף מען בויען מיט דער הילף און אַרום אַ פּאַרטיי=ציימונג. דידאָזיקע צייטונג („איסקרא") האָט צו יענער צייט פאַרייניקט די גרעסטע פּאַרטיי=טעאָרעטיקער מיט לענינען און פּלעכאַנאָוון בעראָש. שאַפן אַ פּאַרטיי אַרום אַ צענטראַלער פּאַרטיי=צייטונג הייסט זיכערן די אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט אין דער פּאַרטיי.

2) אין יעסאָד פון דער פּאַרטיי דאַרף געלייגט ווערן די אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנאַלן—רעוואָלוציאָנערן, ד. ה. אַזעלכע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס זיינען אינגאַנצן, מיט לייב און לעבן אַוועק אַף רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און האָבן געוואָרפן זייער פריערדיקע אַרבעט. לענין האָט די גאַנצע צייט געשטרעבט די גרעסטע פּאַרטיי=טוער זאָלן ווערן רעוואָלוציאָנערן—פּראָפעסיאָנאַלן. דאָס איז געווען וויכטיק צוליב קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען — די פּראָפעסיאָנאַלן (זיי פלעגן געוויינטלעך וואוינען אַף פרעמדע דאָקומענטן און האָבן געהאַט אַ דערפאַרונג פון אונטערערדישער אַרבעט) פלעגן זעלטענער אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. דאָס איז געווען וויכטיק אויך דערפאַר, וואָס אָן קאַדרען פאַראַנטוואָרטלעכע, אויסגעהאַלטענע, געשולטע פירער האָט מען ניט געקאָנט פירן דעם אַרבעטער=קלאַס נאָך דער פּאַרטיי. דורך די קאַדרען פּראָפעסיאָנאַלן איז גאַראַנטירט געוואָרן די אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט פון דער פּאַרטיי און ניטאיבערגעריסנקייט פון איר קאַמף.

דריטנס, לענין האָט געשטרעבט איינצושטעלן אין דער פּאַרטיי אַן אייזערנע דיסציפּלין און שטרענגן צענטראַליזם. צענטראַליזם הייסט, אַז בעראָש פון דער פּאַרטיי שטייט אַ פעסטער צענטראַל=קאָמיטעט, וואָס בויט די פּאַרטיי און פירט מיט איר אָן. בלויז אַזאַ פעסטער צענטער האָט געקאָנט שאַפן די פּאַרטיי אין די יאָרן פון זעלבסטהערשונג און גאַראַנטירן דער פּאַרטיי איר אידייאישע פעסטקייט און קאַמפס=קראַפט.

דידאָזיקע אַלע פּרינציפּן זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער גרונט=אויפגאַבע — האָבן אַ שלאַכט=פּאַרטיי, אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט, אַ שטאָלענעם אָטריאַד פאַראַנטוואָרטלעכע קעמפער, וואָס זאָל זיין בעקויעך צו פירן נאָך זיך די מאַסן צו שטורעמען דעם צאַריזם.

## דער קאַמף אַרום די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן אַפן 2-טן פּאַרטיי - צוזאַמענפאָר

די גרונט=מיינונגס פאַרשיידנהייטן צווישן די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס אַפן 2=טן צוזאַמענפאָר פון דער רסדא"פּ זיינען געווען, ווי באַוואוסט, אַרום די אָרגאַ=

* קאָנספּירירן—הייסט אַרבעטן געהיים, אין אונטערערד, באַהאַלטן פון די סאָנים, (לעמאָשל, פון דער צאַרישער רעגירונג).

ניזאַציאָנעלע פראַגן. לענין האָט פאָרגעלייגט צו פאָרמולירן דעם 1=טן פּאַראַגראַף פונם סטאַטוט אַזוי: „פאַר אַ פּאַרטיי=מיטגליד רעכנט זיך יעדערער, וואָס אַנערקענט איר פּראָגראַם און שטיצט אונטער די פּאַרטיי סײַ מיט מאַטעריעלע מיטלען און סײַ מיטן פּערזענלעכן באַטייליקן זיך אין איינער פון די פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציעס".

אַזוי אַרום האָט זיך דאָס פּערזענלעכע באַטייליקן זיך אין דער אָרגאַניזאַציע גערעכנט פאַר נויטיק. מאַרטאָוו האָט פאָרגעלייגט ניט צו פאָדערן דאָס אַרייַנגיין אין דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַרבעטן בלויז אונטערן קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי. אַזוי אַרום האָט יעדערער, וואָס האָט מיטגעפילט דער פּאַרטיי, זיך געקאָנט אָנרופן פּאַרטיי=מיטגליד.

לענין האָט אָנגעוויזן אין די דעבאַטן, אַז מאַרטאָווס פאָרמולירונג „עפנט פאַנאַנדער די טירן פאַר אַלע עלעמענטן פון דעזאָרגאַניזאַציע, וואַקלונג און אָפּאָרטוניזם". זי שטרעבט צו מאַכן פון יעדן אייגעם אַ פּאַרטיי=מיטגליד. אָבער „בעסער, אַז צען וואָס אַרבעטן יאָ זאָלן זיך ניט אָנרופן פּאַרטיי=מיטגלידער, איידער איין פּלאַפּלער זאָל האָבן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט צו זיין אַ פּאַרטיי=מיטגליד".

לענין האָט געשטרעבט צו אַ פעסטער, פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע פונם פאָרגעשריטענעם אַטריאַד פונם אַרבעטער=קלאַס. די מענשעוויקעס האָבן געוואָלט מאַכן פון דער פּאַרטיי אַ פרייע אָרגאַניזאַציע פאַר אַלעמען.

פונקט אַזאַ פאַרשיידענער צוגאַנג האָט זיך אַרויסגעוויזן אויך מיקויעד דער פראַגע וועגן צענטראַליזם. לענין איז באַשטאַנען אַף שאַפן אַ פעסטן צ"ק און רעדאַקציע פונם צענטראַל=אָרגאַן. די פּאַרטיי האָט געדאַרפט געבויט ווערן פון אויבן אַראָפּ. ער האָט אַנטשיידן דערוווידערט קעגן דער ברייטער אַווטאָנאָמיע פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און קעגן דעם פעדעראַטיוון פּרינציפּ פונם פּאַרטיי=געבוי, וועלכן עס האָט געפאָדערט דער „בונד" *, ווייל דאָס האָט אָפּגעשוואַכט די שלאַכט=מאַכט פון דער פּאַרטיי און האָט זיך געקאָנט אָפּרופן אַף איר אידייאַישער אויסגעהאַלטנקייט.

די מענשעוויקעס האָבן פאַרטיידיקט דעם דעמאָקראַטיזם, האָבן געטאַינעט, אַז לענין שאַפט אין געשטאַלט פונם צ"ק אַ „פויסט", „באַלאַגערונגס=צושטאַנד" א. א. וו. לענין האָט זיי איראָניש געענטפערט: „פאַר מענטשן, וואָס זיינען צוגעוואוינט צום פרייען שלאָפראָק און שטעקשיך פון דער פאַמיליען=קרייזלשער אָבלאָמאָווערײַ **, דוכט זיך דער פאָרמעלער סטאַטוט אי שמאָל, אי ענג, אי באַלעסטיקנדיק... אָבער די פּאַרטייאישע פאַרבינדונג דאַרף זיך באַזירן ראַפּקע אַפן פאָרמעלן סטאַטוט און אַפן שטרענגן פאָרמעלן קאָנטראָל און דיסציפּלין".

* „בונד" האָט געפאָדערט, אַז די אַרבעטער פון יעדער נאַציע, אַלנפאַלס די אידישע, זאָלן בילדן אַ באַזונדערע פּאַרטיי, פאַקטיש און אומאָפּהענגיקע, ווייל פעדעראַציע האָט באַטייט, אַז די פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע, קאָן מען באַשטימען נאָר מיט איר העסקעם און בעשום אויפן ניט אַנדערש, ווי זי וויל...

די פאָדערונג פון פעדעראַציע האָט באַטייט: „קעגן אַן איינהייטלעכער, צענטראַליזירטער פּאַרטיי מיט אַ פעסטער אייזערנער דיסציפּלין, קעגן אַן עמעסן שטאַב פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. פאַר אַ צעוואָרפענער, צעשאָטענער, פרייער פאַרבינדונג פון באַזונדערע פּאַרטייען, וואָס קעדיי צו טאָן עפּעס צוזאַמען דאַרפן זיי פריער ווי באַזונדערע צדאָידנ דורכקומען צווישן זיך".

(עסטער. „לענין און זיין אַרבעט").

** אָפּגעלאָזנקייט.

אין יענער צייט זיינען געווען אַזוינע, וועמען דידאָזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן האָבן אויסגעוויזן ווי אויסגעטראַכטע און איבערגעטריבענע. די געשיכטע האָט באַוויזן, אַז דער פֿאַרשיידענער צוגאַנג צום סטאַטוט האָט באַהאַלטן די טיפֿסטע גרונט־מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן צווישן די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס. די באָלשעוויקעס האָבן געשטרעבט צו שאַפֿן אַ פֿעסט־באַהעפֿטע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין גרייט צו אַן אויפֿשטאַנד, צו אַן אַנטשיידענעם קאַמף פֿאַר דער מאַכט. די מענשעוויקעס האָבן געטרוימט וועגן עפּעס אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, וואָס זאָל אַרויסטרעטן דעריקער אינם פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אַ גרויסע צאָל אינטעליגענטן, וואָס איז ניט פֿעאיק צום קאַמף פֿאַר דער מאַכט און דורכצופֿירן אַ האַרבע דיקטאַטור.

## די פּאַרטיי־בויאונג אינם פּעריאָד פֿון דער ערשטער רעוואָלוציע

באַ דער אומלעגאַלער לאַגע פֿון דער פּאַרטיי איז נויטיק געווען צו בויען די פּאַרטיי פֿון אויבן. אויסגעווײלטקייט, דעמאָקראַטישקייט האָט מען ניט געקאָנט אָנווענדן אַף אַ ברייטן אויפֿן. אָבער לענין האָט געפֿאָדערט, אַז די קאָמיטעטן אַליין זאָלן אַריינפֿירן אין זייער באַשטאַנד מער אַרבעטער.

ווי נאָר דער אַלגעמיינער שטרייק פֿון 1905 יאָר האָט געענדערט די פּאָליטישע באַדינגונגען, האָט אונזער פּאַרטיי גענומען זיך רעאָרגאַניזירן, צופּאַסנדיק זיך צו די נייע באַדינגונגען — צו דער פּאַקטישער פֿרייהייט פֿון פֿאַרזאַמלונגען, פֿון פֿאַריינען, פֿון דער פּרעסע, — אַרומכאַפּן אַלץ נייע שיכטן אַרבעטער.

לענין האָט דעמאָלט געשריבן: „דער קאָנספּיראַטיווער פּאַרטיי־אַפּאַראַט דאַרף אייננגעהיט ווערן. אָבער צוזאַמען מיט דעם איז אומבאַדינגט נויטיק אויסצונוצן אַפֿן ברייטסטן אויפֿן די איצטיקע לעפּיערעך ברייטערע ראַכוועס. עס איז אומבאַדינגט נויטיק, צוגלייך מיטן קאָנספּיראַטיוון אַפּאַראַט, צו שאַפֿן נייע און נייע, אָפֿענע און האַלבאָפֿענע פּאַרטייאישע (און אַזוינע, וואָס שטייען צו צו דער פּאַרטיי) אָרגאַניזאַציעס“.

די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגערופֿן די פּאַרטיי דורכצופֿירן טייקעף אין לעבן דעם וואַל־פּרינציפּ. באַ די וואַלן אַפֿן 4־טן צוזאַמענפֿאָר האָבן שוין געשטימט קימאַט אַלע מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע, ד. ה. די דעלעגאַטן זיינען אויסגעווײלט געוואָרן ניט בלויז דורכן קאָמיטעט, ווי פֿריער, נאָר דורך אַלע אַרבעטער, וואָס זיינען אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע.

דעמדאָזיקן פּעריאָד, ווען די פּאַרטיי האָט געקאָנט אַרויסטרעטן אָפֿן, האָט לענין פֿאָרגעלייגט אויסצונוצן אַף אַריינציען אין דער פּאַרטיי אַרבעטער. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די אַרבעטער, וואָס גייען אַריין אין דער פּאַרטיי, וועלן אינם מאָמענט פֿון העלדישן קאַמף קעגן דעם צאַריזם, זיין זיכערע אָנהענגער פֿון דער פּאַרטיי. „די אונטערערד ווערט כּאָרעוו, — האָט געשריבן לענין, — איז דרייסטער פֿאָרויס, נעמט דאָס נייע געווער, צעטיילט עס נייע מענטשן, פֿאַרברייטערט אייערע שטיץ־באַזעס, רופֿט צו זיך אַלע אַרבעטער סאָציאַל־דעמאָקראַטן *, שליסט זיי איין אין די רייען פֿון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס הונדערטערוויז און טויזנטערוויז“.

* מע דאַרף געדענקען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיך אין יענע יאָרן גערופֿן סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אָבער אַריינציענדיק וואָס מער אַרבעטער אין פּאַרטיי און דורכפירנדיק דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אינעם לעבן, האָבן די באָלשעוויקעס פאַרגעזעצט דעם קאַמף פאַר אַן אידייאיש אויסגעהאַלטענער זעלבשטענדיקער, פעסט דיסציפּלינירטער פּאַרטיי, וואָס ווערט ניט צונויפגעגאָסן מיט אַנדערע מינים אָרגאַניזאַציעס פונם אַרבעטער=קלאַס.

לענין האָט אויך געפאָדערט, אַז די גאַנצע פּרעסע זאָל שטרענג אונטערגעוואָרפן ווערן דער פּאַרטיי, אַז די מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אַרבעטן אונטער איר אָנפירונג א. א. וו.

די מענשעוויקעס, פאַרקערט, ווי עס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, האָבן זיך, אַרומגעטראָגן מיט דער אידייע פון אַן אַרבעטער=צוזאַמענפאָר, וואָס האָט פאַקטיש געדאַרפט פאַרבייטן די פּאַרטיי דורך אַ גיטאָרגאַניזירטער אומפּאַרטייאישער מאַסע.

ווען עס איז אָנגעקומען די רעאַקציע, נאָך דער מאַפּאָלע פון רעוואָלוציע פון 1905 יאָר, האָט די פּאַרטיי געמוזט אָפּטרעטן, און זי האָט זיך נאָכאַמאָל איבערגעבויט, קעדיי פאָרצוזעצן דעם קאַמף. לענין האָט געגעבן אַזאַ פּראָגראַם פון דער אָרגאַניזאַציאָנעל=פּאָליטישער אַרבעט: „אַ פעסטע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון די פּאַרטיי=צענטרען, אַ סיסטעמאַטישע אומלעגאַלע פאַרלאַג=אַרבעט, און דעריקער: ארטיקע און באַזונדערס זאַוואָדישע פּאַרטיי=קעמערלעך, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך די פאָרגעשריטענע אַרבעטער גופע, וואָס לעבן אין אַ דירעקטער פאַרבינדונג מיט די מאַסן — אָט איז דער יעסאָד, אַף וועלכן מיר בויען און וועלן אויסבויען דעם אייזן=פעסטן קערן פון דער רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַרבעטער=באַוועגונג. אָט דער אומלעגאַלער קערן וועט זיין אָן אַן ערעך ברייטער, איידער אין די פריערדיקע צייטן, ער וועט פאַרשפּרייטן זיינע פינגער, זיין איינפלוס אי דורך דער דומע, אי אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַרייגען, אי אין די קאָאָפּעראַטיוון, אי אין די קולטור=אויפקלער=געזעלשאַפטן".

גראָד אין דעמדאָזיקן פּעריאָד פון דער רעאַקציע (1907—1909 יאָר) און פונם נייעם אויפשטייג (1910—1914 יאָרן) איז דורכגעפירט געוואָרן דאָס וויטערדיקע „פאַראַרבעטערן" אונזער פּאַרטיי און דאָס פאַרגרעסערן דעם פּראָצענט אַרבעטער אין די אָרטיקע קאָמיטעטן און אין די צענטראַלע פּאַרטיי=אָרגאַנען.

אין דעמדאָזיקן אונטערערדישן פּעריאָד האָט אונזער פּאַרטיי אויך אַנטוויקלט און פאַרשטאַרקט די סיסטעם קעמערלעך, וואָס פון זיי ווערט געבויט די פּאַרטיי. די פּאַרטיי=קעמערלעך האָבן זיך גענומען שאַפן אין אַלע אַרבעט=געביטן. דורך זיי האָט זיך די פּאַרטיי ענג פאַרבונדן מיט דער מאַסע. דורך זיי האָט זי געפירט די גאַנצע אַגיטאַציאָנעלע, פּראָפּאַגאַנדיסטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט אין די מאַסן.

## 2. די פּאַרטיי בא דער מאַכט

### נייע באַדינגונגען

נאָכדעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט פאַרכאַפּט די מאַכט, ווייזט זיך אַרויס זיין פּאַרטיי אין גאָר נייע, אַסאַך מער קאָמפּליצירטע באַדינגונגען. די פּאַרטיי ווערט איצט אַ רעגירנדיקע פּאַרטיי, וואָס פון איר האַנדלונג הענגט איצט אָפּ סאַי דער גורל פונם אַרבעטער=

קלאַס, סאַי די עצעם עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, סאַי דער ערפאָלג פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין אַ לאַנד מיט אַ הונדערט פופציק מיליאָניקער באַפעלקערונג.

די פּאַרטיי איז איצט די אָנפירערן ניט בלויז פונם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך פון צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע, אין דער ערשטער ריי, פונם אָרעמפּויערטום און מיטלפּויערטום.

די פּאַרטיי פאַרבלייבט און מוז זיין די א י נ צ י ק ע פּאַרטיי אין לאַנד, דעריבער הויבן אָן צו לאָזן זיך אין אירע רייען אַסאַך עלעמענטן, וואָס פריער האָבן זיי זיך געפונען אין אַנדערע פּאַרטייען, און אויך פאַרשיידענע קאַריעריסטן, וואָס ווילן אויסנוצן פאַר זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן דאָס, וואָס זיי זייען מיטגלידער פון דער רעגירנדיקער פּאַרטיי.

נאָכן אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע הערט נאָך די פּאַרטיי ניט אויף צו געפינען זיך אונטער דער געפאַר פון שטאַרקן בורזשואַזן און קליינבירגערלעכן איינפלוס. די קליינבירגערלעכע מאַסן (לעמאָשל, די קליינע סכוירע-פּראָדוצירער) רינגלען אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע זייטן מיט אַ קליינבירגערלעכער סטיכיע, דעמאָראַליזירן אים, שטעקן אים אָן מיט זייער גייסט פון קליינע באַלעבאַטימלעך א. א. וו.

דעריבער קומען אויף פאַר דער פּאַרטיי נייע אויפגאַבן און גרויסע שוועריקייטן. בלויז באַ דער אידייאישער איינהייטלעכקייט, אייזערנער דיסציפּלין און באַ דער שטרענגסטער קאָאָרדינירונג פון איר אַרבעט וועט זי קאָנען אויספילן אירע אויפגאַבן.

## דער קאַמף מיט דער פראַקציאָנעלקייט

דער ערשטער באַדינג איז, איינהייטן די אידייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע איינהייט פון דער פּאַרטיי. ווען פאַרן 10-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר (1921 יאָר) האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיי-איינהייט געפינט זיך אין אַ געפאַר, אַדאַנק דער אַנטשטייאונג פון אַ ריי באַזונדערע פראַקציעס מיט אַן אייגענער פּלאַטפאָרם און מיט אַן אייגענער דיסציפּלין, האָט לענין פאָרגעלייגט אָנצונעמען די אַנטשיידנסטע מאָסמיטלען קעגן דיזאָזיקע סימאָנים פון צעשפּאַלטונג.

פראַקציאָנעלקייט הויבט זיך געוויינלעך אָן דערפון, וואָס אַ גרופּע פּאַרטיי-מיטגלידער פרואווט זיך שאַפן אַ פּלאַטפאָרם, וואָס גייט זיך פאַנאַנדער מיט דער פּאַרטיי-ליניע. עס טיילט זיך אויס אַ גרופּע כאַווירים, וואָס פירט אָן מיט די אָנהענגער פון אָט דער נייער פּלאַטפאָרם (אַ פראַקציע-צענטער). עס ווערט באַשאַפן אַן אייגענע פראַקציע-דיסציפּלין, וועלכע רייסט אונטער די אַלגעמיין-פּאַרטייאישע דיסציפּלין. עס הויבן זיך אָן באַשאַפן גרופּעס אַף די ערטער. די פּלאַטפאָרם און אַנדערע דאָקומענטן פון פראַקציאָנערן הויבן אָן פאַרשפּרייט ווערן. די פראַקציאָנערן הויבן אָן צו שאַפן אונטערערדישע דרוקערייען. עס ווערט באַשאַפן אַן אייגענע קאַסע. מע הויבט אָן באַנוצן שיפר, קאָנספּיראַטיווע צונעמענישן. האַקלאַל, עס דערגייט בעעמעס צו אַ צווייטער, אונטערערדישער פּאַרטיי.

דאָס, וואָס עס זיינען פאַראַן פראַקציעס, ברענגט צו דער אָפשוואַכונג פון דער פאַרטיי-איינהייט און קומט צונויף די ווייסגוואַרדייער און אַלע סאָנים פון דער ראַטנמאַכט. די פראַקציעס האָבן אין טאָך גענומען אויסגעדריקט דעם איינפלוס פון די פיינטלעכע שיכטן אַף דער פאַרטיי און האָבן זיי געהאָלפן אַריבערטראָגן דעם קאַמף אין דער פאַרטיי גופא.

דער X צוזאַמענפאָר האָט אָנגעוויזן, אַז אויב אַ פאַרטיי-מיטגליד זעט וואָסערע עס איז פעלערן פון דער פאַרטיי, דאַרף ער וועגן זיי זאָגן דער פאַרטיי נופע און אירע אָרגאַנען, און קלאַל ניט איבערגעבן דאָס אַף דער באַהאַנדלונג פון באַזונדערע גרופעס און פראַקציעס. בלויז דורכן דירעקטן אָנטייל פון יעדן פאַרטיי-מיטגליד אין דער פאַרטייאישער און סאָוועטישער אַרבעט קאָן מען פאַרריכטן די פאַראַנענע פעלערן.

דער צוזאַמענפאָר האָט פאָרגעלייגט טייקעף צו פאַנאַנדערלאָזן אַלע גרופעס און פראַקציעס און ניט דערלאָזן אַף ווייטער, אַז זיי זאָלן זיך בילדן. פאַר באַטייליקן זיך אין פראַקציעס איז פאָרגעלייגט געוואָרן טייקעף אויסצושליסן פון דער פאַרטיי.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז יעטווידער אָפאָזיציע צו דער פאַרטיי-מערהייט האָט ניט איין מאָל אויפגעהויבן די פראַגע וועגן איבערקוקן דעמראָזיקן באַשלוס. באַזונדערס שאַרף איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט געוואָרן נאָכן XIV צוזאַמענפאָר. דער טראָצקיסטישער בלאָק צווישן דעם 14 און 15 צוזאַמענפאָר האָט אָנגעהויבן פון שאַפן אַ פראַקציע און איז אַריבער צום אָרגאַניזירן אַ צווייטע פאַרטיי מיט אַן אייגענעם צ"ק און מיט אָרטיקע קאָמיטעטן, מיט אַן אייגענעם אַפאַראַט, מיט אַ פרעסע, מיט דרוקערייען, מיט שיפערן, „יאַווקעס“, מיט אונטערערדישע אַקטיוו-פאַרזאַמלונגען א. א. וו.

נאָכמער, די נייע פאַרטיי האָט גענומען צוציען צו זיך די סימפּאַטיעס פון די באַלעבאַטישע און אַנדערע פיינטלעכע עלעמענטן — זי האָט גענומען צוציען אויך יענע אַלע אויסלענדישע גרופעס, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דעם קאָמינטערן און וואָס זיינען טייל-ווייז געווען אַ צייט אין זיינע רייען.

דאָס האָט באַשיינפערלעך באַוויזן, אַז דאָס שאַפן פראַקציעס ברענגט אומפאַרמיידלעך צו דער אויסבילדונג פון אַ נייער פאַרטיי, און דיראָזיקע פאַרטיי, מיט וואָס פאַר אַ שרייאיקן נאָמען זי זאָל זיך ניט אָנרופן, וועט שטענדיק זיין אַ פאַרטיי, וואָס גייט קעגן דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס שוואַכט אָפ די מאַכט פונם אַרבעטער-קלאַס.

דער קאַמף פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער איינהייט איז אַזוי אַרום דער אויסדרוק פונם קאַמף פון דער פאַרטיי פאַר דער אידייאישער אויסגעהאַלטנקייט און גאַנצקייט פון דער פאַרטיי.

די מענשעוויקעס, לעמאָשל, פלעגן אויך ניט איין מאָל זאָגן, אַז זיי זיינען פאַר „איינהייט“, פאַר פאַראייניקן אַלע גרופעס, וואָס האָבן געקעמפט אין דער פאַרטיי אינם פעריאָד פון דער ערשטער רעוואָלוציע און נאָך איר. אָבער זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט דיזאָזיקע איינהייט אַלס פרינציפּלאָזער פאָרמעלער פאַראייניקונג פון גרופירונגען פון פאַרשיידנסטע אָנשויאונגען.

די באָלשעוויקעס פאַרשטייען די איינהייט אַלס פאַראייניקונג פון אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן — לעניניצעס. פאַר זיי איז די איינהייט אַ פאַראייניקונג פון גלייכדענקענדיקע, באַוואוסטזיניקע קעמפער פונם אַרבעטער-קלאַס. דעריבער טאַקע האָבן די באָלשעווי-

קעם צוליבן איינהייט־צוועק זיך צעשפּאָלטן מיט די מענשעוויקעס, האָבן אויסגעשלאָסן אַלע וואַקלענדיקע און האָבן אָפּגעשטויסן פון זיך אַלע ניטשטאַנדהאַפטיקע פראַקציעס.

אַזוי האָט דער XV צוזאַמענפאָר אַנטשיידן אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי אַלע מיטגלידער פון די פראַקציאָנעלע גרופּעס, בעסויכאָם אויך די הויפּט־פירער פון דער אָפּאָזיציע.

נאָכן XV־טן צוזאַמענפאָר האָבן זיך אָפּן פראַקציאָנעלן וועג געשטעלט די רעכטע אָפּנויגלער.

זיי האָבן אַרויסגערוקט זייערע אַ באַזונדערע ליניע קעגן דער ליניע פון דער פּאַרטיי (האָנאָכעם דעם באַלעגוף, אָפּשוואַכן דעם טעמפּ פון אינדוסטריאַליזאַציע, אַ טעאָריע, אַז דער באַלעגוף וועט „פרידלעך אַריינוואַקסן אינם סאָציאַליזם" א. א. וו.). פאַקטיש האָבן זיי באַשאַפן אַ גאַנץ באַזונדערע פּלאַטפאָרם. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן רעכילעס וועגן דער פּאַרטיי, באַשולדיקן זי, אַז זי טרעט אָפּ פון לעניניזם. זיי כאַזערן איבער די טראָצקיסטישע באַשולדיקונג פון דער פּאַרטיי און ביוראָקראַטיזם. זיי האָבן געוואָלט דערמיט צודעקן זייער אויוועך זיין אַף דער פּאַרטיי־דיסציפּלין (די פּאָליטיק פון אַרויס־לאָזן בלעטלעך א. ד. גל.). אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע האָבן זיי געפירט אַ פראַק־ציאָנעלן קאַמף קעגן דעם צ"ק. זיי האָבן געפּרואווט שאַפן אַ פּרינציפּלאָזן בלאָק מיט די נעווזענע טראָצקיסטן א. ד. גל.

די XVI פּאַרטיי־קאָנפערענץ און דער אַפּריל־פּלענום פון צ"ק האָבן אַנטשיידן פאַ־רורטיילט דעם רעכטן אָפּנויג, פאַרורטיילט דיזאַזיקע פראַקציאָנעלקייט.

יעדער אָפּנויג פון דער פּאַרטיי־ליניע גייט זייער שנעל אַריבער אין פראַקציאָנעלקייט, און פּרואוון צו שאַפן אַ נייעם צענטר, אַ נייע פּאַרטיי.

די פּאַרטיי דאַרף אַנטשיידן און האַרב קעמפן מיט פראַקציאָנעלקייט.

די אידייאישע איינהייט און אָרגאַניזאַציאָנעלע באַהעפטונג פון דער פּאַרטיי זיינען די גרונט־באַדינגונגען פון דער עצעם עקזיסטענץ פון דער דיקטאַטור.

## די אינערלעך-פּאַרטיי-אישע דעמאָקראַטיע

פאַדערנדיק אַ שטרענגע דיסציפּלינירטקייט פון אירע מיטגלידער, שטרעבט אין דער־זעלבער צייט די פּאַרטיי צו זייער גרעסטער אַקטיווקייט. צוליב דעמדאָזיקן ציל ווערט דורכגעפירט די אַרבעטערשע אינערלעך־פּאַרטייאישע דעמאָקראַטיע. די אַרבעטער־דעמאָ־קראַטיע באַוואָרנט אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער אַז אויסנאַם דעם אַקטיוון אָנטייל אינם לעבן פון דער פּאַרטיי, אינם באַהאַנדלען און לייזן אַלע פראַגן, וואָס ווערן פאַר איר אַרויסגערוקט. די אַרבעטער־דעמאָקראַטיע שליסט אויס די באַשטימערייי אַלס סיסטעם, דריקט זיך אויס אין דער ברייטער אויסגעווײלטקייט פון אַלע אײנריכטונגען פון אויבן ביז אונטן, אין דעם, וואָס די אַלע פּאַרטיי־איינריכטונגען ווערן קאָנטראָלירט, וואָס זיי גיבן רעגולער אָפּ דינוועכעשבן א. א. וו.

אַלע וויכטיקסטע פראַגן פונם פּאַרטייאישן און סאָוועטישן לעבן ווערן ברייט באַ־האַנדלט אין אַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען, אָנהויבנדיק פון די ערשט־שטאַפּלדיקע קעמערלעך.

דאָסדאָזיקע באַהאַנדלען העלפט צוגרייטן געמיינזאַם און באַוואוסטזיניק די לייזונג פון די פראַגן. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז נאָכדעם ווי די פּאַרטיי נעמט שוין אָן אַ באַשלוס, ווערט ער אָבליגאַטאָריש און מוז פּינקטלעך אויסגעפילט ווערן.

קעדיי אויסנוצן אַף אַ ברייטן אויפן די גייע קרעפטן, ווענדעט די פּאַרטיי אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אַפן אַרויסרוקן פון אונטן גייע קאַדרען פּאַרטיי־טוער, אַף לערנען זיי און אויסנוצן.

פון דער אַנדערער זייט לייגט פאַר די פּאַרטיי די אָנפירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַנען צו־צוהערן זיך אויפמערקזאַם צו דער שטים פון די ברייטע פּאַרטיי־מאַסן און צו זייער קריטיק.

## זעלבסטקריטיק און די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי

דאָס קריטיקירן אָפן די אייגענע פעלערן איז אַ גויטיקער באַדינג פאַר דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. לענין האָט געשריבן: „אָפן אָנערקענען אַ פעלער, אויפדעקן זיין סיבע, אַנאַליזירן די סיטואַציע, וואָס האָט אים אַרויסגערופן, באַהאַנדלען אויפמערקזאַם די מיטלען, פאַריכטן דעם פעלער — אָט דאָס איז אַ סימן פון אַן ערנסטער פּאַרטיי, אָט דאָס הייסט, אַז זי פילט אויס אירע פליכטן, אָט דאָס הייסט דערציען און לערנען דעם קלאַס, און דערנאָך אויך די מאַסן“.

דער לאָזונג זעלבסטקריטיק האָט באַקומען אַ באַזונדער באַדייטונג נאָכן XV צוזאַמענפאָר, ווייל דעמאָלט האָט זיך באַזונדערס קלאָר אַנטפּלעקט די פאַרשטאַרקונג פון די קלאַסן־פאַרהעלטענישן אין לאַנד, עס איז אויפגעדעקט געוואָרן די אונטערערדישע אַרבעט פון אונזערע סאָנים (דער שאַכטער פּראָצעס א. אַנד.), עס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן אונזערע פעלערן אין דער פּלאַנירונג און די שוועריקייטן מיט די ברויט־פאַרגרייטונגען. גלייכצייטיק איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַ פאַנאַנדערלייגונג אין אַ ריי פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס (סמאָלענסק, סאָמשי, אַסטראַכאַן).

די גרונטבאַדייטונג פון דער זעלבסטקריטיק באַשטייט אין דעם, אַז זי דאַרף זיין אַן אונזעריקע, אַ באָלשעוויסטישע, ד. ה. ווי סטאַלין האָט זיך אויסגעדריקט, זי דאַרף „האָבן דעם ציל איינצופלאַנצן די פּאַרטייאישקייט, פאַרשטאַרקן די ראַטנמאַכט, פאַרבעסערן אונזער בויאונג, פאַרשטאַרקן אונזערע ווירטשאַפטלעכע קאַדרען, באַוואָפענען דעם אַרבעטער־קלאַס“.

דער אַנדערער טנאַי איז, אַז צו דער זעלבסטקריטיק זאָל צוגעצויגן ווערן די ווירקלעך ברייטע מאַסע, זי זאָל קומען פון אונטן. און דערצו איז גויטיק פאַנאַנדערוויקלען די פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע אין אַלע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונם אַרבעטער־קלאַס און קוידעמקאָל אין דער פּאַרטיי גופע. אָן דעמדאָזיקן באַדינג איז די זעלבסטקריטיק אַ נול, אַ פוסטע זאַך, אַ פראַזע“.

זעלבסטקריטיק איז דאָס וויכטיקסטע געווער קעגן ביוראָקראַטיזם. אָפּשוואַכן, אונ־טערייסן, דעמאַסקירן דעם ביוראָקראַטיזם פון אונזערע פּאַרטייאישע, פּראָפעסיאָנעלע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס קען מען בלויז דורך זעלבסטקריטיק. דורך איר אָרגאַניזירן

מיר דעם קאָנטראָל פון די מאַסן, דאָס אַריינציען מאַסן אין דער סאָציאַליסטישער בויאונג, דורך איר צווינגען מיר די טוער פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס בעעמעס אָפּגעבן דינווערשבן פאַר דער מאַסע.

**זעלבסטקריטיק העלפט קעמפן מיט קאָמגאַיווע, זי לאָזט זיך ניט אָפּרייסן פון די מאַסן.**

די רעכטע אָפּנויגלער האָבן געפּרואווט אַף אַלערליי אויפאַנים צו פאַרקריפּלען דעם לאָזונג זעלבסטקריטיק און שטערן איר. זיי האָבן געטאַיגעט וועגן דעם, אַז דערדאָזיקער לאָזונג איז געפערלעך, וועגן די פאַרקריפּלונגען פון זעלבסטקריטיק, וועגן רעכילעס טרייבן אַף פאַרטיי־מיטגלידער א. א. וו.

דערמיט האָבן די אָפּנויגלער בלויז מיטגעהאָלפן אַלע ביוראָקראַטן, און אַלעמען, ווער עס האָט זיך געוואָלט אָפּזונדערן פון די מאַסן. זיי זיינען געגאַנגען קעגן דער פאַרטייליניע. דערפאַר טאַקע האָבן זיי אַזוי מוירע פאַר זעלבסטקריטיק.

קלאָר, אַז באַם דורכפירן די זעלבסטקריטיק טרעפן זיך פעלערן, ניט דאָס איז אָבער דער איקער. אויב די זעלבסטקריטיק איז אָפטמאָל ניט אינגאַנצן גערעכט, האָט זי פונדעסטוועגן אויפגעדעקט פיל ביוראָקראַטן, פיל פאַרקריפּלונגען, זי האָט געהאָלפן א רייניק טאָן דעם פאַרטייאיש און פראָפ־אַפּאַראַט.

**זעלבסטקריטיק, „ניט געקוקט אַף קיינעמס איבעס“, קריטיק פון אויבן ביז אַראָפּ איז אַ גוטיק געווער און אַ מעכטיקער מיטל צו פאַרפעסטיקן די פאַרטיי, אויסצולעבן באַצייטנס אַלע אירע פעלערן און טאָעסן, אַ מיטל אינם פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף*.**

## דער פּאַרטיי-באַשטאַנד

אונזער פאַרטיי נעמט אויף אין אירע רייען ניט בלויז פּראָלעטאַריער, נאָר אויך אַזוינע, וואָס שטאַמען פון אַנדערע קלאַסן (לעמאָשל, פויערים, אינטעליגענץ), אַף וויפל זיי שטעלן זיך אַפן שטאַנדפּונקט פונם קאָמוניזם און אַרבעטן ערלעך מיטן פּראָלעטאַריאַט. אָבער איינצייטיק נעמען מיר אָן מאָסמיטלען, אַז די אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אין דער פאַרטיי זאָל האָבן דער פּראָלעטאַרישער גרונט־קערן. דעריבער איז לויטן סטאַטוט פאַר די פּראָלעטאַריער פון וואַרשטאַט איינגעשטעלט געוואָרן מער לגאָטגע קלאָלים באַם אויפנעמען זיי אַלס מיטגלידער, און פאַר פויערים, אָנגעשטעלטע א. אַנד. זיינען דידאָזיקע קלאָלים שווערערע.

בויז דעם, פלעגט אין דער פאַרטיי פון צייט צו צייט פאָרקומען אַ מאַסן־צופלוס פון אַרבעטער פון וואַרשטאַט (ווי לעמאָשל, נאָך אילימשם טויט): פאַר דידאָזיקע אַרבעטער זיינען איינגעשטעלט געוואָרן נאָך לייכטערע באַדינגונגען באַם אויפנעמען אין דער פאַרטיי — אַזוי אַרום זיינען, אויפגענומען געוואָרן עטלעכע הונדערט טויזנט מאַן אַרבעטער פונם „לענינישן פּריזיוו“ נאָך לענינס טויט, אין צוזאַמעהאַנג מיטן צעניאָריקן יובילײ פון דער רעוואָלוציע א. א. וו.

---

* וועגן זעלבסטקריטיק אין קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם זע העכער אינם קאַפּיטל וועגן דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

אין 1921 י. איז אין דער פּאַרטיי געווען 37% אַרבעטער.

צום לעצטן XV צוזאַמענפאָר איז באַ אונז אין דער פּאַרטיי געווען 56 פּראָצענט אַרבעטער (אויב רעכענען בלויז די אַרבעטער פון וואַרשטאַט — 38 פּראָצענט), פּויערים 22 פּראָצענט, אָנגעשטעלטע 22 פּראָצענט. צום אַפּרעל 1929 י. האָט זיך דער פּראָצענט אַרבעטער פאַרגרעסערט ביז 64%, (אַרבעטער פון וואַרשטאַט ביז 47%).

פאַר 4 יאָר (1924—1927 יאָר) האָבן מיר אויפגענומען אין דער פּאַרטיי קימאַט אַ האַלב מיליאָן אַרבעטער, און פּויערים באַ 200 טויזנט, אָנגעשטעלטע באַ 100 טויזנט, אַזוי אַרום ווערט די פּאַרטיי קאָמפּלעקטירט הויפּטזאַכלעך אָפּן כעשבן פון די נייע פּראָ-לעטאַרישע קרעפטן. אין די נאָענטסטע יאָרן האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן נאָך מער צו פאַרגרעסערן דעם אויפנעם פון אַרבעטער אַזוי, אַז בלויז אַרבעטער פון וואַרשטאַט זאָלן זיין' אין איר נים ווייניקער ווי אַ העלפט פון אַלע מיטגלידער.

אַצינד איז צווישן דעם פאַבריק-זאַוואָדישן פּראָלעטאַריאַט פאַראַן 12% קאָמוניסטן. דער גרעסטער פּראָצענט קאָמוניסטן איז פאַראַן באַ די נאַפט-אַרבעטער און דרוקער (קימאַט אַ פינפטל), ווייניקער פאַר אַלץ צווישן די באַטראַקעס (1%), צווישן די בוי-אַרבעטער און אין דער קוסטאַר-אינדוסטריע (5%).

פאַרגרעסערנדיק קעסיידער דעם פּראָצענט אַרבעטער פון וואַרשטאַט, האָט די פּאַר-טיי אין דערזעלבער צייט אָפּגעוואָרפן די פאַנטאַסטישע פּלענער, וואָס די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע האָט אַרויסגערוקט, אַז אין איין—צוויי יאָר זאָל מען דערפירן דעם פּראָצענט אַרבעטער פון וואַרשטאַט ביז 90%. קעדיי צו דערגרייכן אַזאַ פּראָצענט, האָט מען פאַר אַ קורצע צייט געדאַרפט אויפנעמען אין דער פּאַרטיי אַ 4—5 מיליאָן נייע מיטגלידער, ד. ה. פאַקטיש פאַרפלייצן די פּאַרטיי מיט אַ ווייניק-באַוואוסטזיניקער מאַסע, וואָס די פּאַרטיי וואָלט זי נים געקאָנט צוגרייטן און איבעראַרבעטן. קעדיי צו ווערן אַ פּאַרטיי-מיטגליד, איז ווינציק צו האָבן אַ פּאַרטיי-ביכל אין דער קעשענע. מע דאַרף גרונטלעך באַנעמען די פּאַרטיי-פּראָגראַם, דורכגיין אַ פּאַרטיי-שול, אַרבעטן אין דער פּאַרטיי א. א. וו. דעריבער זיינען די פּלענער פון דער אָפּאָזיציע געווען אַ פּוסטע פּלוידעריי, און די פּאַרטיי האָט זיי אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן.

## די פּאַרטיי-רייניקונג

קעדיי די פּאַרטיי זאָל פאַרשטאַרקן איר פעאיקייט צום קאַמף און זיין גרייט אַרי-בערצוטראָגן די סאַמע שווערסטע ניסיוינעס (בעאיים אַ נייער מילכאָמע, לעמאָשל), מוז זי פאַרגרעסערן איר פּראָלעטאַרישן קערן. קעדיי די דאָרפישע קעמערלעך זאָלן קע-נען אָנפירן מיט דער רעקאָנסטרוקציע פון דאָרף, פירן דעם קאַמף קעגן באַלעגוף, דאַרפן זיי פאַרשטאַרקט און אָפּגערייניקט ווערן.

די קאָנטראָל-קאָמיסיעס פון דער פּאַרטיי פירן אונטער דער אָנפירונג פון דער צק״ק אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט אָפּצורייניקן די פּאַרטיי. פון צייט צו צייט פירט די פּאַרטיי דורך אַ ספּעציעלן איבערקוק פון אירע מיטגלידער, מאַכט קלאָר זייער קלאַסן-באַוואוסט-זיניקייט, פּאַרטייאישע אויסגעהאַלטנקייט א. ד. גל. מיר וואַרפן אָפּ פון זיך די קלאַסן-פרעמדע עלעמענטן, קאַריעריסטן, ביוראָקראַטן, דעמאָראַליזירטע, צוגעשמירטע א. א. וו.

בעאיים דער ערשטער אַלגעמיינער רייניקונג אין 1921 י. איז פון דער פּאַרטיי אַרויס און אויסגעשלאָסן געוואָרן 175 טויזנט מענטשן, ד. ה. קימאַט אַ דריטל פונם גאַנצן באַשטאַנד.

דערנאָך האָבן די קאָנטראָל-קאָמיסיעס אויסגעשלאָסן (ביזן 1929 י.) 260 טויזנט מענטשן. דערפאַר אָבער איז די פּאַרטיי פאַר די זעלבע יאָרן שטאַרק אויסגעוואַקסן, באַזונדערס אַפּן כעשבן פון אַרבעטער (פאַר 8 יאָר זייַנען אַרייַנגעטראָטן אין דער פּאַרטיי ניט ווייניקער פון 80 טויזנט אַרבעטער), די צאָל פּאַרטייער דערגרייכט אַצינד 1½ מיליאָן (צוזאַמען מיט די קאַנדידאַטן).

אין 1929 י. פירט די פּאַרטיי דורך אַ נייע רייניקונג. זי שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרשטאַרקן די מאָביליזאַציאָנס-גרייטקייט פון דער פּאַרטיי אַף אויסצופילן די שווערע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר איר. מיר דאַרפן האָבן נאָר אַזעלכע מיטגלידער, וואָס וועלן געבן אַ האַרטן ווידערשטאַנד דעם באַלעגוף און נעפּמאַן, וואָס וועלן זיך ניט וואַקלען פאַר שוועריקייטן, וועלן ניט רעווידירן לעניניזם, נאָר שטענדיק שטיין אַף די קלאַסן-פּאָזיציעס פונם פּראָלעטאַריאַט און פעסט אויספילן אַלע פּאַרטיי-דירעקטיוון.

אַזאַ פּאַרטיי-רייניקונג (וואָס ווערט דורכגעפירט מיטן אָנטייל פון אומפּאַרטייאישע) וועט פאַרפעסטיקן די פּאַרטיי, אויפהויבן איר אַווטאָריטעט, פאַרשטאַרקן איר אידעאישע אויסגעהאַלטנקייט און קאַמפּס-קראַפט.

## די פּאַרטיי און די סאָוועטן

די פּאַרטיי איז די אָנפירנדיקע הויפּט-קראַפט פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי פירט אָן מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס עקזיסטירן אין לאַנד — מיט די סאָוועטן, פּראָפּפאַריינען, קאָאָפּעראַציע א. א. וו.

די פּאַרטיי מישט זיך ניט אַריין אין זייער שטענדיקער אַרבעט, אין אַלע קלייניקייטן, — די פּאַרטיי גיט די הויפּט-אָנווייזונגען און צווינגט די קאָמוניסטן דורכפירן זיי אין לעבן.

אַזוי ווי די סאָוועטן זייַנען די פאָרם פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, איז זייער וויכטיק, אַז עס זאָלן ווי געהעריק איינגעשטעלט ווערן די פאַרהעלטענישן צווישן די פּאַרטייאישע און סאָוועטישע אָרגאַנען.

אין יעדן געגנט האבן מיר אַ געגנט-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי מיט אַ סעקרעטאַר בעראָש און אַן אויספיר-קאָמיטעט מיט אַ פּרעזידיום און פּאָרזיצער בעראָש. די זעלבע נעץ פּאַרטייאישע און סאָוועטישע אָרגאַנען איז פאַראַן און קרייזן, ראַיאָנען א. א.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אין אַ וועלכער ניט איז גובערניע זייַנען שטאַרק געפאַלן די ברויט-פאַרגרייטונגען. דער פּלאַן פון איינקויפן דאָס ברויט איז ניט אויסגעפילט געוואָרן. די באַלעגופים האָבן פאַרהאַלטן דאָס ברויט. די ברויט-פאַרגרייטערישע אָרגאַנען האָבן זיך צווישן זיך צעריסן, די קאָאָפּעראַציע האָט ניט באַקומען גענוג ציץ, טשוועקעס, גאַפּט פאַרן דאָרף. איז ווער ענטפערט פאַר דיזאָזיקע פאַרזעענס? פאַרגרייטן ברויט דאָס איז די אַרבעט פון די סאָוועטישע, און ניט פון די פּאַרטייאישע אָרגאַנען. אין אַזוינע פאַלן פאָדערט שטענדיק די פּאַרטיי אַקטיווקייט סאַי פונם געגנטקאָם איגאַנצן, סאַי פון זיין סעקרעטאַר. פאַרוואָס? ווייל די ברויט-פאַרגרייטונג איז אַן אומגעהויער וויכטיקער

איניען פאַר אונזער גאַנצער ווירטשאַפט, פאַר דער ריכטיקער אַרבעט פון דער אינדו־סטריע, — מיט איין וואָרט, פאַר דער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויאונג. דער דורכפאַל פון די ברויט פאַרגרייטונגען איז די וויכטיקסטע פּאָליטישע דערשיינונג, דער געגנט־קאָמיטעט דאַרף זי נעמען אין אַכט און אָננעמען די נויטיקע מיטלען.

ווען דער געגנט־קאָמיטעט זעט די דעפעקטן פון דער ראַטן־אַרבעט, האָט ער קיין רעכט ניט אַליין צו געבן אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונגען, באַפעלן, ער ווירקט דורכן ראַטן־אַפּאַראַט. ער זעט, אַז דער ראַטן־אַפּאַראַט זאָל אָננעמען די נויטיקע מאָסמיטלען, ער קאָנטראָלירט, ווי אַזוי עס גייט די אַרבעט, ער זעצט אַראָפּ די שלעכטע טוער, פאַר־בייט זיי מיט נייע א. א. וו.

די פּאַרטיי גיט שטרענג אַכטונג, אַז די אויפגאַבן און די פליכטן פון די ראַטן־אָר־גאַנען זאָל מען ניט צונויפמישן מיט די פּאַרטייאישע פליכטן. זי לאָזט אָבער ניט קעגנ־שטעלן די סאָוועטישע אָרגאַנען — די פּאַרטייאישע. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס טאָרן זיך ניט דירעקט אַריינמישן אין דער לויפנדיקער אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט פון די ראַטן־אָרגאַנען. אָבער זיי ריכטן דיזאָזיקע אַרבעט אינם גייסט פון די פּאַרטיי־באַשלוסן, זיי גיבן אַכטונג, אַז מע זאָל שטרענג אויספילן דיזאָזיקע באַשלוסן, זיי קלייבן צו און טיילן פאַנאַנדער די אָנפירנדיקע טוער פון די ראַטן־אָרגאַניזאַציעס, דערציען די פּאַר־טייער, וואָס אַרבעטן דאָרט א. א. וו.

די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס לייזן בלויז די איקערדיקע, די סאַמע הויפּט־פראַגן פון דער ראַטן־אַרבעט און מישן זיך ניט אַריין אין די דעטאַלן. די אָנפירער פון די סאָוועטישע און ווירטשאַפטלעכע אָרגאַנען טראָגן אַזוי אַרום אין דער פולער מאָס די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר זייער אַרבעט.

## פראַקציעס

קעדיי צו פאַרווירקלעכן דעם איינפלוס פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען אויף די אומפּאַרטיי־אישע אָרגאַניזאַציעס (ראַטן, פראָפּפאַריינען, קאָאָפּעראַטיוון, פריוויליקע געזעלשאַפטן א. א. וו. און אויך אויף קאָלעגליי צוזאַמענפאָרן און באַראַטונגען), ווערן אין דיזאָזיקע אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס געשאַפן פּראַקציעס. די פראַקציעס פאַראייניקן אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס אַרבעטן אין דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע. די פראַק־ציעס שאַפן ביוראָען און אַרבעטן אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון די פּאַרטיי־קאָמיטעטן. די פראַקציעס וואַרפן זיך ניט אונטער איינע דער צווייטער. די פראַקציע פון צ״ק מעטאַליסטן, לעמאָשל, וואַרפט זיך אונטער דעם מאָסקווער קאָמיטעט, דעם צ״ק, אָבער בעשום אויפן ניט דער פראַקציע פון אַלצפ״ר. זיי זיינען מעכויעוו אויסצופילן אַלע פּאַרטיי־באַשלוסן. אַזוי ווערן אויף אַלע אומפּאַרטייאישע צוזאַמענפאָרן די פּרינציפּיעלע (גרונט־) פראַגן און אויך די צעטלען פון די פערזאָנען, וואָס ווערן אויסגעוויילט אָפּן צוזאַמענפאָר, שטענדיק באַהאַנדלט צוערשט אין דער פראַקציע. דעם באַשלוס פון דער פראַקציע זיינען אַלע מיטגלידער מעכויעוו דורכצופירן אין לעבן.

# 3. ווי אַזוי איז געבויט די פּאַרטיי

## קעמערל

נאָך פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע האָט אונזער פּאַרטיי זיך געשאַפן אַן אָנשפּאַר אינעם אַרבעטער=קלאַס דורך די אונטערערדישע זאַוואָדישע קרייזלעך. דאָס איז געווען דער קערן פון די צוקונפטיקע פּאַרטיי=ק ע מ ע ר ל ע ך. אין יענע יאָרן האָט לענין געשריבן: „די זאַוואָדישע קרייזלעך זיינען פאַר אונז באַזונדערס וויכטיק; דען די גאַנצע הויפּט=קראַפט פון דער באַוועגונג איז אין דער אָרגאַניזירטקייט פון די אַרבעטער אין די גרויסע זאַוואָדן, ווייל די גרויסע זאַוואָדן (און פאַבריקן) שליסן איין אין זיך יענעם טייל פון דעם גאַנצן אַרבעטער=קלאַס, וואָס איז ניט בלויז דער דאָמינירנדיקער לויט דער צאָל, נאָר נאָך מער דאָמינירנדיקער לויטן איינפלוס, לויט דער אַנטוויקלונג, לויט זיין פעאיקייט צום קאַמף. י ע ד ע ר  ז אַ וו אָ ד  ד אַ ר ף  ז יי ן  א ו נ ז ע ר  פ ע ס ט ו נ ג“.

בעאיים דער רעאַקציע און דעם נייעם אויפשטייג (1907—1914 יאָרן) איז דער פּאַרטיי אויסגעקומען מיט אַ באַזונדער שווערקייט אונטערצושטיצן און פאַרשטאַרקן איר אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. דעמאָלט איז געוואָרן באַזונדערס, קלאָר, אַז בלויז אַ פעסטע נעץ ערשטשטאַפלדיקע קעמערלעך וועט זיין בעקויעך אָפּצוהיטן דעם פּאַרטייאישן איינפלוס אַף די מאַסן. אין דערדאָזיקער צייט האָבן מיר עס גענומען געברויכן דאָס וואָרט „קעמערל“ אָנשטאָט די ווערטער „זאַוואָדישער קאָמיטעט“ אָדער „קרייזל“.

נאָכן אָקטיאַבער=ניצחון האָט די פּאַרטיי גענומען וואַקסן דורך דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל קעמערלעך. לויט אונזער סטאַטוט איז „די פּאַרטייאישע גרונט=אָרגאַניזאַציע דאָס פּאַרטיי=קעמערל“. דורך אים פאַרבינדן זיך די אָנפירנדיקע פּאַרטיי=אָרגאַנען אינעם נעגעבענעם אָרט מיט די אַרבעטערישע און פּויערשע מאַסן.

דאָס קעמערל ווערט געשאַפן אינעם זאַוואָד, אין דער פאַבריק, אין קאָנטאָר, אינעם אָנשטאַלט, אין דער האַנדלס=אונטערנעמונג א. א. וו. עס פאַראייניקט אַלע קאָמוניסטן, וואָס אַרבעטן דאָרט, וואָס פאַר אַ באַקוועמלעכקייטן האָט דאָס? אַלע קעמערל=מיטגלידער זיינען פאַרנומען אין איין געביט, מיט אַן ענלעכער אַרבעט, אין איין הויז און אין איין אָרט, זיי באַגעגענען זיך אַלע טאָג באַ דער אַרבעט זיי קענען איינער דעם אַנדערן ניט בלויז פון די זיצונגען, נאָר אויך אין זאַוואָד אָדער אונטערנעמונג גופא. זיי באַגעגענען זיך דירעקט מיט דער גאַנצער אַרבעטער=מאַסע, זיי האָבן געמיינזאַמע אינטערעסן מיט דערדאָזיקער מאַסע. דאָס קעמערל און די איינצלנע קאָמוניסטן קאָנען גוט דערלערנען אַלע באַדינגונגען פון דער אַרבעט, דעם גאַנצן פּערסאָנאַל, וואָס פירט אָן מיטן געשעפט, צוקוקן זיך צו די אומפּאַרטייאישע אַרבעטער. דאָס קעמערל קאָן דירעקט יעדן טאָג און יעדע שאָ פירן אַן אַרבעט אין דער מאַסע, דערנענטערן זי צו דער פּאַרטיי, צום קאָמוניזם. דאָס קעמערל קאָן אויך דורך זיינע מיטגלידער וויסן די שטימונג פון דער מאַסע — הערן לעמאָשל, אַז זי איז אומצופרידן מיט דער וואכטעס=סיסטעם, אַז זי קלאָגט זיך אַף דער שלעכטער ווענטיליאַציע, אַז זי באַהאַנדלט לעבהאַפט דעם גאַנג פון די ברויט=פאַרגרייטונגען, פאָדערט דערקלערונגען איבער די פראַגן פון אונזערע באַציאונגען מיט ענגלאַנד.

אַזוי אַרום קאָן די פּאַרטיי דורכן קעמערל אַמנאָענסטן צוגיין צו דער מאַסע, פאַרבינדן זיך מיט איר, ווירקן אַף איר, אָנפירן מיט איר.

אין די דערפער ווערן די קעמערלעך געשאַפן באַ די דאָרפישע ראַטן, באַ די ראַטווירטן, קאָלווירטן א. א. וו.

אין די גרויסע זאַוואָדן קאָגען געשאַפן ווערן צעכאָווע קעמערלעך, וואָס פאַרייניקן זיך אינם זאַוואָדישן קאָלעקטיוו.

דער העכסטער אָרגאַן פונם קעמערל איז די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער. פאַר דער לויפנדיקער אַרבעט ווערט אויסגעווילט אַף אַ האַלב יאָר אַ סעקרעטאַר און אַ ביוראָ פונם קעמערל (ניט מער פון 9 מאַן און 2 קאַנדידאַטן, די קליינע קעמערלעך האָבן בלויז אַ סעקרעטאַר).

## די גרונט-אַרבעט פון די קעמערלעך

פאַר יעדן קעמערל שטייען פיר גרונט-אויפגאַבן: 1) דורכפירן אין די מאַסן דעם פּאַרטייאישן איינפלוס, 2) צוציען נייע מיטגלידער און דערציען די פּאַרטיי-מיטגלידער, 3) העלפן דעם אָרטיקן קאָמיטעט אין זיין אַרבעט, 4) אַקטיוו באַטייליקן זיך אינם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. דאָס קעמערל פאַרווירקלעכט אָט די אַלע אויפגאַבן, באַטראַכטנדיק אַלע פראַגן, וואָס שטייען פאַרן זאַוואָד אָדער אַנשטאַלט.

די וויכטיקסטע אויפגאַבע פונם קעמערל איז די שטענדיקע ענגע פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטייאישער מאַסע און דאָס דורכפירן אין איר דעם פּאַרטייאישן איינפלוס און די פּאַרטייאישע באַשלוסן. צוליב דעמדאָזיקן ציל דערקלערן דאָס קעמערל און זיינע מיטגלידער דער מאַסע דעם זין פון די פּאַרטיי-באַשלוסן, די פּאָליטישע לאַגע, דערקלערן וואָסערע ווירטשאַפטלעכע מאָסמיטלען די ראַטן-רעגירונג נעמט אָן א. א. וו. דאָס קעמערל דאַרף צוציען די אומפּאַרטייאישע צו אַקטיווער אַרבעט, איינלאַדן זיי אַף זיינע אָפענע זיצונגען, אַריינציען אין דער אַרבעט אין זאַווקאָם, אין די קאָמיסיעס, צוציען די אומפּאַרטייאישע צו די וואַלן אין די ראַטן, אין די קאָאָפּעראַטיוון, פּראָפּאַריינען א. א. וו. דאָס קעמערל דאַרף אויפהויבן דעם קולטור-ניוואָ פון די אומפּאַרטייאישע, העלפן זיי זיך לערנען, פאַרשפּרייטן צייטונגען א. א. וו. און איינצייטיק דאַרף עס וויסן די נויטן און באַדערפענישן פון די מאַסן, זייערע אומצופרידנהייטן.

נייע פּאַרטיי-מיטגלידער ווערן אויפגענומען דורכן פּאַרטיי-קעמערל. די מער באַוואוסטזיניקע און אַקטיווע אומפּאַרטייאישע דאַרף דאָס קעמערל אַריינציען אין דער פּאַרטיי. זיינע נייע מיטגלידער באַקענט דאָס קעמערל מיט דער פּראָגראַם און מיטן סטאַטוט פון דער פּאַרטיי, מיט די פּאַרטיי-איניאָנים. דאָס קעמערל דערציט זיי פאַר עכטע פּאַרטייער.

דאָס קעמערל איז מעכויעוו אויפצוהויבן דעם ניוואָ פון אַלע זיינע מיטגלידער — שאַפן קרייזלעך, שולן, ווירקן זיי זאָלן זיך נעמען פאַר זעלבסטבילדונג א. אַז. וו. אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט ווערט אָפּגעגעבן דער פּאָליטישער דערציאונג פון די מיטגלידער.

די קעמערלעך טיילן פאַנאַנדער די פּאַרטיי-אַרבעט צווישן זייערע מיטגלידער און גיבן אַכטונג אַף דער פּאַרטיי-דיסציפּלין, אַף דער אידייאישער אויסגעהאַלטנקייט א. אַנד.



א. י. סטאַלין

דאָס קעמערל פילט אויס אַלע אויפגאַבן פונם אָרטיקן קאָמיטעט.

אַלע מיטגלידער פונם קעמערל זיינען מעכויעוו צו באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער פּאָליטישער און ווירטשאַפטלעכער אַרבעט פונם לאַנד. דאָס קעמערל רופט זיך אָפּ אויף אַלע פּאָליטישע געשעענישן און קאַמפּאַניעס, באַטייליקט זיך אין די פּראָדוציר-באַראַטונגען, עקאָנאָמקאָמיסיעס, העלפט דורכפירן די ראַציאָנאַליזאַציע, קעמפן מיטן ביוראָקראַטיזם, העלפט דעם עקאָנאָמיע-רעזשים, דעם סאָצ. געוועט, דאָס קעמערל איז מעכויעוו צו שטעלן פּראַקטיש אין זיין זאַוואָד אָדער אַנשטאַלט דידאָזיקע פראַגן, און ניט באַגרענעצן זיך בלויז מיט גוטע רעזאָלוציעס. דאָס קעמערל וועט דאַרפן ענטפערן, אין וואָס דריקט זיך קאָנקרעט אויס זיין קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם, ווי אַזוי עס האָט אַוועקגעשטעלט די זעלבסטקריטיק, אויף וויפל האָט עס געהאָלפן פאַרקלענערן די ביי-הוצאָעס, וואָסער עקאָנאָמיע מע האָט זיך דערשלאָגן?

## די צענטראַלע פּאַרטיי-אָרגאַנען

דאָס פּאַרטיי-קעמערל אין שטאָט וואַרפט זיך אונטער דירעקט דעם ראַיאָנעם קאָמיטעט, דעם געגנט-קאָם, אָקרקאָם (אָפּהענגיק פונם פּאַרנעם און פונם כאַראַקטער פונם זאַוואָד). די דאָרפישע קעמערלעך וואַרפן זיך אונטער דעם ראַיקאָם. ווייטער ווערט די פּאַרטיי-נעץ געבויט פּונקט אַזוי ווי די אַדמיניסטראַטיווע טיילונג פון לאַנד. די געגנטן און רעפּובליקן האָבן זייערע געגנטלעכע (קאַנטלעכע) און רעפּובליקאַנישע קאָמיטעטן.

אין יעדער אָרגאַניזאַציע איז דער העכסטער אָנפירנדיקער אָרגאַן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג (לעמאָשל, באַם קעמערל) אָדער די קאָנפערענץ און צוזאַמענפאָר (לעמאָשל, אין אָקרוג, אין דער געגנט, אין דער רעפּובליק). די צוזאַמענפאָרן ווילן אויס שטענדיק אַרבעטנדיקע פּאַרטיי-קאָמיטעטן.

דער העכסטער פּאַרטיי-אָרגאַן איז דער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, וואָס ווערט צונויפגערופן איין מאָל אין צוויי יאָר. אין דער צווישנצייט ווערן צונויפגערופן, לויט דער נויטיקייט נאָך, פּאַרטיי-קאָנפערענצן, נאָר זייערע באַשלוסן ווערן גילטיק ערשט נאָכדעם, ווי דער צ״ק באַשטעטיקט זיי.

דער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר הערט אויס די באַריכטן פונם צ״ק און פון די אַנדערע העכערע אָרגאַנען, ווילט אויס די אָנפירנדיקע אָרגאַנען, קוקט איבער און ענדערט די פּראָגראַם און סטאַטוט פון דער פּאַרטיי, נעמט אָן גרונט-באַשלוסן איבער די לויפנדיקע פראַגן א. א. וו.

צווישן די צוזאַמענפאָרן געהערט די העכסטע אָנפירונג אין דער פּאַרטיי דעם צענט־ראַל־קאָמיטעט. איצט באַשטייט ער פון 71 מיטגלידער און 50 קאַנדידאַטן. אַף צו לייזן די סאַמע וויכטיקסטע פראַגן קלייבט זיך צונויף דער צ״ק אייניקע מאָל אין יאָר אין זיין פולן באַשטאַנד (פּלענום).

די גאַנצע לויפנדיקע אַרבעט פילן אויס די אָרגאַנען, וואָס דער צ״ק ווייַלט אויס — די פּאָליטביוראָ (פון ניין מאַן, און 8 קאַנדידאַטן) פאַר דער פּאָליטישער אָנפי־רונג, די אָרגביוראָ (פון 13 מאַן און 7 קאַנדידאַטן) אַף אָנפירן מיט דער אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער אַרבעט און דער סעקרעטאַריאַט (פינף מאַן) פאַר דער לויפנדיקער אַר־בעט פון אָרגאַניזאַציאָנעלן און אויספיר־כאַראַקטער.

דער אַפּאַראַט פונם צ״ק איז איינגעטיילט אַף ספּעציעלע אָפּטיילן (אָרגפּאַרטייל, אַגיטפּראָפּ *, אָפּטייל פאַר אַרבעט אין דאָרף, פאַר אַרבעט צווישן פרויען א. א. וו.).

## די צק״ק

דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר ווייַלט אויך אויס די צק״ק (צענטראַלע קאָנטראָל־קאָמי־סיע) אין באַשטאַנד פון 195 מאַן. די אויפגאַבע פון דעמדאָזיקן אָרגאַן איז צו קעמפן מיטן אויוועק זיין מיצאַד די פּאַרטיי־מיטגלידער די פּראָגראַם, דעם סטאַטוט און די באַשטימונגען פון דער פּאַרטיי, צו קעמפן קעגן די אידייאישע אָפּנויגן אין דער פּאַרטיי און קעגן דער דעמאָראַליזאַציע פון אירע מיטגלידער, דורכצואַרבעטן די מאָסמיטלען אַף פאַרבעסערן דעם סאָוועטישן אוןווירטשאַפטלעכן אַפּאַראַט, צו קעמפן מיטן ביוראָקראַ־טיזם, מיטצואַווירקן דער ראַציאָנאַליזאַציע פון דער אינדוסטריע, אַרייַנציען אין די פּאַרטיי־רייען דעם בעסערן טייל אַרבעטער און פּויערים א. ד. גל.

צום ערשטן מאָל האָט די פּאַרטיי געשאַפן די צק״ק אין 1920 יאָר פון 7 מאַן. פאַרן 12־טן צוזאַמענפאָר האָט לענין אין אייניקע אַרטיקלען פאָרגעלייגט צו פאַרגרעסערן באַדייטנד דעם באַשטאַנד פון דער צ״ק, צונויפגיסן אַ טייל אַרבעט אירע מיט דער אַרבעט פונם קאָמיסאַריאַט פאַר אַרבעטער־פּויערשער אינספּעקציע און געבן אים ברייטערע פליכטן באַזונדערס אַף פאַרבעסערן אונזער מעלוכע־אַפּאַראַט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז שוין אַפן 12־טן צוזאַמענפאָר די צאָל מיטגלידער פון דער צק״ק פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 50, דערביי זיינען צוגעצויגן געוואָרן אַ ריי אַרבעטער און פּויערים, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע פּאַרטייאישע און סאָוועטישע דערפאַרונג.

דער פאָרזיצער פון צק״ק איז איצט אויך דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אַרבעטער־פּויערשער אינספּעקציע. די מיטגלידער פון דער קאָלעגיע און די הויפּט־טוער פונם פאָלקקאָמאַט זיינען מיטגלידער פון דער צק״ק. די צק״ק, ווידער, דעלעגירט אין דער פּאָ־ליט־ביוראָ 4 מיטגלידער אירע. דער פּלענום פונם צ״ק פאַרזאַמלט זיך אָפט אינייַנעם מיטן פּלענום פון דער צק״ק און די גרונט־פראַגן פונם פּאַרטיי־לעבן ווערן געלייזט אַף אַזוינע געמייַנזאַמע זיצונגען.

אין דער צק״ק גיסט צונויף די פּאַרטיי־אַרבעט מיט דער סאָוועטישער.

אַף די ערטער ווערן געשאַפן קאָנטראָל־קאָמיסיעס מיט דיזעלבע אויפגאַבן.

*) באַם אַגיטפּראָפּ איז פאַראַן אַ סובאָפּטייל פאַר אַרבעט צווישן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אין דעם סובאָפּטייל זייַנען פאַראַן באַזונדערע נאַציאָנאַלע סעקציעס.

פאַר דער לעצטער צייט האָט די צק"ק אויסגעפילט אַ גרויסע אַרבעט סאַי לויט דער פאַרטייאישער, סאַי לויט דער סאָוועטישער ליניע. די צק"ק האָט געקעמפט פאַר איינהיטן די פאַרטיי-ליניע און די פאַרטיי-איינהייט קעגן דער אָפּאָזיציע. זי האָט דורכגעפירט דורך די ראַטן-אָרגאַנען אַ רײ מאָסמיטלען אַף פאַרקירצן די שטאַטן, פאַרן עקאָנאָמיע-רעזשים, פאַרן קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם.

די מיטגלידער, ווידער, פון דער צק"ק, די אַרבעטער און פויערים, באַקומען לויט לענינס געדאַנק, דורכן באַטייליקן זיך אין דעמאָקראַטישער פאַרטיי-אָרגאַן דערפאַרונג אַף אָנפירן מיט דער מעלוכישער און פאַרטיי-אַרבעט.

# 4. די פליכטן פון אַ פאַרטיי-מיטגליד

## דיסציפּלין

די מיטגלידער פון יעטווידער אָרגאַניזאַציע זיינען מעכויעוו אויסצופילן אירע באַשלוסן און די באַשטימונגען פון די העכערע אָרגאַנען. באַזונדערס וויכטיק איז דאָס פאַר דער קלאַס-אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט — פאַר זיין פאַרטיי. די אומגעהויער שטרענגע פאַרטיי-דיסציפּלין איז די סאַמע ערשטע פליכט פון יעטווידער פאַרטיי-מיטגליד און פון יעדער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. די באַשטימונגען פון די פאַרטיי-צענטרען דאַרפן אויסגעפילט ווערן שנעל און פּינקטלעך.

פאַר אַן אייזערנער דיסציפּלין אין דער פאַרטיי האָבן די באָלשעוויקעס שטענדיק געקעמפט. וואָלט דען אונזער פאַרטיי געווען בעקויעך אָן אַ פעסטער דיסציפּלין אין אירע רייען צו פאַראייניקן אַרום זיך דעם אַרבעטער-קלאַס, אָפּצוהאַלטן דעם ניצאָכן אין אָקטיאַבער, פאַרטיק ווערן מיטן בירגער-קריג און אָנהויבן די סאָציאַליסטישע בויאונג?

די פאַרטיי איז אַ מין מיליטערישע שלאַכט-אָרגאַניזאַציע פונעם קלאַס, וואָס הערט ניט אויף דעם קאַמף אַף קיין איין רעגע, און ווי אַזוי וואָלט מען געקאָנט פירן די קלאַסן-מילכאָמע, אויב די פאַרטיי-מיטגלידער וואָלטן זיך ניט אונטערגעוואָרפן דעם צענטער, אויב זיי וואָלטן ניט אויסגעפילט די פאַרטיי-באַשטימונגען, אויב זיי וואָלטן געצויגן אין פאַרשיידענע זייטן?

פאַר אויווער זיין די פאַרטיי-דיסציפּלין ווענדן מיר אָן די אַנטשיידנסטע מאָסמיטלען ביז אויסשליסן פון דער פאַרטיי.

אָבער אונזער דיסציפּלין פאָדערט פון די מיטגלידער פולשטענדיקע באַוואוסטזיניקייט. די פאַרטיי-מיטגלידער דאַרפן פאַרשטיין, פאַרוואָס איז וויכטיק דורכצופירן די פאַרטיי-באַשלוסן, לעמאָשל, וועגן דעם קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם. אַלע גרונט-באַשלוסן ווערן באַהאַנדלט אין די קעמערלעך.

עס זיינען פאַראַן שטרייטיקע און נייע פראַגן, וואָס איבער זיי איז נאָך ניטאָ קיין באַשלוס פון דער פאַרטיי. דעמאָלט ווערן דיזאָזיקע פראַגן ברייט באַהאַנדלט אין די קעמערלעך און אין אַנדערע פאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס מיטן ציל קלאָר צו מאַכן די פאַרטיי-ליניע. אַזוי, לעמאָשל, איז געווען ניט לאַנג מיט דער פראַגע וועגן דעם פינפיאָריקן פּלאַן פון דער אינדוסטריע. אָבער נאָכדעם ווי דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, ענדיקט זיך די דיסקוסיע און אַלע זיינען מעכויעוו אויסצופילן דעם פאַרטיי-באַשלוס, אויב אַפילע זיי זיינען מיט אים פריער ניט געווען איינשטימיק. דער אַלגעמיינער באַשלוס, דער אַל-

געמיינער ווילן איז וויכטיקער פֿונעם ווילן און פֿון דער מיינונג פֿונעם איינצלנעם פּאַרטיי־מיטגליד.

ווי באַלד דער פּאַרטיי־באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, טרעטן מיר אַרויס ווי איין מענטש. לענין האָט מיקויעך דעם געזאָגט, אַז גראָד דערין ווייזט זיך אַרויס די אָרגאַניזירטקייט. „דער קויעך פֿונעם אַרבעטער־קלאַס איז אָרגאַניזאַציע. אָן דער מאַסן־אָרגאַניזירטקייט איז דער פּראָלעטאַריאַט גאָרניט. אַן אָרגאַניזירטער איז ער אַלץ. די אָרגאַניזירטקייט איז די איינהייט פֿון טאַט, די איינהייט פֿון פּאָליטישער אַרויסטרעטונג".

ווען נאָכן XIV צוזאַמענפֿאָר האָט די אָפּאָזיציע גענומען אַנטקעגנשטעלן קעגן די באַשלוסן פֿונם צוזאַמענפֿאָר איר פּאָזיציע און איר טאַקטיק, איז זי אַף אַ גראָבן אויפֿן אויוועער געווען די פּאַרטיי־דיסציפּלין. ווען זי האָט זיך געפּרואווט דורכשלעפּן אירע פּאָדערונגען וועגן פֿרייהייט פֿון פֿראַקציעס טראָץ אַלע באַשלוסן פֿון די צוזאַמענפֿאָרן, איז זי געגאַנגען קעגן אַלע איינפֿאַכסטע קלאָלים פֿון יעטווידער דיסציפּלינירטער אָרגאַניזאַציע. דאָס סיסטעמאַטישע אויוועער זיין די דיסציפּלין איז געווען איינער פֿון די הויפּט־פֿאַרברעכנס פֿון דער אָפּאָזיציע. ווען די רעכטע האָבן, טראָץ אַלע באַשטימונגען פֿון צ"ק, פֿאַרלאָזט זייערע פּאָסטנס, זיינען זיי דערמיט אויוועער געווען די הויפּט־קלאָלים פֿון דיסציפּלין.

## אקטיווקייט

מיר רופֿן אָן די פּאַרטיי דעם סאַמע פֿאָרגעשריטענעם, אַקטיוון און באַוואוסטזיניקן טייל פֿונם אַרבעטער־קלאַס. דעריבער דאַרפֿן אויך די פּאַרטיי־מיטגלידער זיך אויסצייכענען מיט דער זעלבער אַקטיווקייט, באַוואוסטזיניקייט און אַזוי ווייטער.

אין וואָס זאָל דער פּאַרטיי־מיטגליד אַרויסווייזן זיין אַקטיווקייט. קוידעמקאָל אויספֿילן די פּאַרטיי־פֿליכטן. אָפּטמאָל צאָלט דער פּאַרטייער פּינקטלעך זיינע מיטגליד־אָפּצאָלן און מיינט, אַז דערמיט האָט ער אַלע זיינע פֿליכטן אויסגעפֿילט. אָבער דאָס איז וויניק. ער דאַרף ווי געהעריק באַזוכן די פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונגען, דערלערנען די פֿראַגן, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דער פּאַרטיי, זיין אַ טעטיקער טוער אינם פּראָפֿאַריין, אינם קאָאָפּעראַטיוו, מיט איין וואָרט זיין אַקטיוו אין איטלעכער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט און דורכפֿירן די פּאַרטיי־ליניע.

אַ פּאַרטייער דאַרף רעגולער לייענען די פּאַרטיי־צייטונגען — די „פּראַווּדא" אין דער ערשטער ריי *. בלויז דורך דער פּרעסע וועט ער קאָנען וויסן, וואָס עס טוט זיך אַף דער וועלט. וואָסערע באַשלוסן די פּאַרטיי האָט אָנגענומען, ווי אַזוי עס גייט דער קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין אַנדערע לענדער א. א. וו. די צייטונג וועט אויך העלפֿן דעם פּאַרטייער אויפֿהויבן זיינע קענטעניש, וועט אים אויסלערנען בעסער צו פֿאַנאַנדערקלייבן זיך אין די געשעענישן.

אַ פּאַרטייער דאַרף וויסן מער פֿון אַנדערע, ווייל זיין פֿליכט איז צו דערקלערן די אומפּאַרטייאישע די באַשלוסן פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער ראַטנמאַכט, דערציען זיי אַף די ביישפּילן פֿונם לעבן.

*) די פּאַרטיי־מיטגלידער, פֿאַר וועלכע עס איז לייכטער צו לייענען אידיש, דאַרפֿן לייענען דעם „עמעס" „אָקטיאַבר" און „שטערן".

דעריבער דאַרף יעדער פּאַרטייער זיך לערנען און לערנען. מע דאַרף גיין אין שול, און קרייזל, באַזוכן די פּאָרטראַגן, און דעריקער אַליין לייענען. אָן זעלבסטבילדונג קאָן מע זיך בעשום אויפן ניט באַגיין. אויב דער פּאַרטייער וועט ניט לייענען קיין ביכער, וועט ניט דערלערנען די ווערק פון לענין, מאַרקס און פון אַנדערע פירער, — וועט ער קיינמאָל ניט קאָנען זיין קיין עכט־נוצלעכער פּאַרטיי־מיטגליד. דאָס לערנען זיך איז אַ קאָמוניסטישער כויוו.

דער פּאַרטייער דאַרף זיין פעסט, שטאַנדהאַפטיק, קאָנסעקווענט אין זיינע אָנשויאונגען. ער דאַרף דרייסט קריטיקירן די פעלערן, וואָס ער באַמערקט, אָבער ער דאַרף זיך ניט לאָזן באַאיינפלוסן פון יענע אָפּאָזיציאָנעלע פלאַפלער, וואָס גראָבן זיך אונטער דער פּאַרטיי און ווילן אונטערוקן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, מענשעוויסטישע אָנשויאונגען.

דער פּאַרטייער איז ניט בלויז אַ מיטגליד פון דער אַלק"פּ(ב), נאָר אויך אַ מיטגליד פונם קאָמינטערן. ער טאָר זיך ניט איינשליסן בלויז אין די איניאָנים פונם ראַטנפאַרבאַנד. ער אינטערעסירט זיך מיט די ערפאָלגן פון די דייטשישע און פראַנצויזישע קאָמוניסטן באַ די וואַלן, מיטן קאַמף פון די כינעזישע אַרבעטער קעגן די יאַפּאַנישע, ענגלישע א. אַנד. אימפּעריאַליסטן, מיט די שטרייקן אין ענגלאַנד, מיט די לאָקאַוטן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, מיטן בלוטיקן ערשטן מאַי אין דייטשלאַנד און פוילן, מיטן גאַנצן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט און פון די אַרבעטנדיקע אין דער גאַנצער וועלט.

## דער פּאַרטייער גיט אַ ביישפּיל

די אַרבעטער־מאַסע קוקט באַזונדערס אָפן פּאַרטייער. דען ער איז דאָך אַ קאָמוניסט, ער איז אַ מיטגליד פונם פאָרגעשריטענעם אָטריאַד. אים שטעלט די אַרבעטער־מאַסע אַרויס באַזונדערע פאָדערונגען. לויט אים אורטיילט זי וועגן דער גאַנצער פּאַרטיי.

די קאָמוניסטן זאָגן, אַז די רעליגיע איז סאַם פאַרן פאָלק, און דער פּאַרטיי־מיטגליד מ. טוט־צוליב זיין אַלטער באָבען כאַפּט זיך אַריין אָפּזאָגן קאַדעש נאָכן פאַרשטאָרבענעם פאָטער, דער קאָמוניסט נ. קאָן ניט איינרייסן מיט זיינע קרוווים און איז מאַל זיין זון, דער קאָמוניסט ז. וויל יויצע זיין פאַר די שכיינים און קויפט מאַצע אַף פּייסעך. דאַרף דאָס אַזוי זיין?

די קאָמוניסטן דערקלערן, אַז שיקרעס רייסט אַרונטער די פּראָדוקציע, פירט צו כוליגאַנעריי א. א. וו. און אָט פלעגן אָנגעזעענע פּאַרטיי־מיטגלידער אין סאָטשי און אין סמאָלענסק איינאָרדענען עמעסע שיקורים־הוליאַנקעס פאַר אַלעמען אין די אויגן. צי ברענגט דאָס דען ניט קיין שאָדן דער פּאַרטיי? פאַרשטייט זיך, אַז יאָ. די פּאַרטיי באַשטראָפט אַנטשיידן פאַר אַזא אויפירונג.

די פּאַרטיי־מיטגלידער זיינען ווי אונטער אַ גלאָז, אַזוי אַז אַלע זעען זיי, זיי דאַרפן סאַי אינעם זאַוואָד, סאַי אין דער היים, סאַי אינעם קלוב זיך פירן אַזוי, אַז באַ די אומפּאַרטייאישע זאָל וואַקסן די אַכטונג און דער צוטרוי צו דער פּאַרטיי.

אַף די פּראָדוקציע קעמפט ער מיט פוילאַקעס, מיט יענע, וואָס דאַיגען בלויז וועגן דער אייגענער פעל. ער ווייזט אַ ביישפּיל, ווי מע דאַרף אַרבעטן אינעם סאָוועטן־לאַנד. ער איז אין די ערשטע רייען באַם דורכפירן דעם סאָציאַליסטישן געוועט.

אין דאָרף אָרגאַניזירט דער קאָמוניסט קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, רופט אַריבערגיין צו פיל־פעלדעריי, פירט אָן מיטן קאַמף קעגן באַלעגוף.

דער קאָמוניסט דאַרף שטענדיק ווייזן אַ ביישפיל, ווי אַזוי מע דאַרף קעמפן קעגן די קלאַסן־סאָנים, ווי אַזוי מע דאַרף אַרבעטן, ווי אַזוי מע דאַרף זיך לערנען.

## דער פאַרטייער און דער אומפאַרטייאישער

יעדן טאָג קומט דער פאַרטייער אין באַריר מיט די אומפאַרטייאישע. ער אַרבעט מיט זיי באַם וואַרשטאַט, וואוינט אין איין הויז, באַגעגנט זיך אין קלוב, אַף פאַרזאַמלונגען, אין גאַרקיד, אַף דעמאָנסטראַציעס און מיטינגען.

דאָ ווערט אָפטמאָל פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער פאַרטיי, וועגן דעם צ״ק, וועגן איינצלנע פירער, וועגן דער אָפּאָזיציע. אַסאַך אומפאַרטייאישע טראָגן זיך אַרום מיט פאַרשיידענע קלאַנגען, באָבע־מאַיסעס. זיי שטעלן אַ פראַגע וועגן דער פאַרטיי. ווי אַזוי דאַרף זיך האַלטן אַ פאַרטייער? קווידעמקאָל דאַרף ער פעסט פאַרטיידיקן די זאַך פון דער פאַרטיי. די באַשלוסן פון דער פאַרטיי און די פאַרטיי־אָרגאַנען. ער האָט קיין רעכט ניט צו ריידן מיט די אומפאַרטייאישע וועגן אינערלעכע פאַרטיי־פראַגן אָדער וועגן אינערלעכע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, אויב די פאַרטיי האָט נאָך וועגן דעם גאָרניט פאַרעפנטלעכט.

אַלע פאַרטיי־באַשלוסן איז ער מעכויעוו צו פאַרטיידיקן, אַפילע אויב ער אַליין, לאָמיר זאָגן, צווייפלט אין זיי. די פאַרטייער טרעטן אַרוים אין איין באַהעפטן פראָנט פאַר דער פאַרטיי.

אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. דער פאַרטייער דאַרף טאָג־טעגלעך, בײַ יעטווידער געלעגנהייט פירן אַ פאַרטיי־אַגיטאַציע, דערקלערן די אומפאַרטייאישע, ווי אַזוי די פאַרטיי קעמפט מיטן ביוראָקראַטיזם, פאַר וואָס מיר דאַרפן אַ קוועטש טאָן אַף די באַלעגופים, פאַרוואָס דאַרף מען שנעלער אַנטוויקלען די קאָלעקטיוויזאַציע, פאַרוואָס מיר דאַרפן מיט אַ שנעלן טעמפּ אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד א. א.

בלויז אין אַזאַ טאָג־טעגלעכער אַרבעט וועט דער פאַרטייער זיין בעקויעך צו דערווערבן דעם איינפלוס אַף די אומפאַרטייאישע און אַליין זיך אונטערגאַרטלען.

דער פאַרטייער דאַרף באַזונדערס איבערציייגן יענע אַרבעטער, וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען פון דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע, וואָס פאַרשטייען נאָך ניט די וויכטיקייט פונם אַלגעמיינעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, פאַר אויפצוהויבן די פּראָדוקציע. אַסאַך אַרבעטער, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג געקומען פון דאָרף, קוקן אַף דער פאַבריק בלויז ווי אַף אַן אָרט, וואו מע קען פאַרדינען אַ פאַר גראַשן. אַזוי קוקן אַף דער פאַבריק אויך די נייע אַרבעטער, וואָס זיינען ערשט נעכטן געקומען פון שטעטל, פון דער קליינער קוסטאַר־פּראָדוקציע. דער פאַרטייער דאַרף זיי מיטהעלפן פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די גרונט־פראַגן פון קלאַסן־קאַמף, דערוועקן אין זיי דאָס קלאַסן־געפיל.

מיט שטענדיקער אַרבעט צווישן די אומפאַרטייאישע אַרבעטער וועט דער פאַרטייער פאַרפעסטיקן די לאַגע פון דער פאַרטיי און די זאַך פון זיין קלאַס.

## קאָנטראָל - פראַגן

1) וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דער פּאַרטיי-סטאַטוט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידעאָלאָגישער איינהייט פון אירע מיטגלידער?

2) וועלכע מיינונג-פאַרשיידנהייטן איבער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגן זיינען געווען צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס?

3) ווי אַזוי האָבן זיך געביטן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פון אונזער פּאַרטיי אין פאַרשיידענע עטאַפּן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט?

4) פאַרוואָס איז ניט דערלאָזבאַר קיין פרייהייט פון פראַקציעס און גרופּירונגען אין אונזער פּאַרטיי?

## פּראַקטישע-אויפגאַבן

1) שרייבט עפּעס אָן אויף דער טעמע: „ווי אַזוי ווערט אין דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פון אייער אונטערנעמונג פאַרווירקלעכט דער פּרינציפּ פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם".

2) דערלערנט לויט די מאַטעריאַלן פון דער פּאַרטיי-ביוראָ אַלע פאַלן, ווען מיטגלידער פון אייער קעמערל האָבן געבראָכן דעם פּאַרטיי-סטאַטוט. אונטער דער אָנפירונג פונם פּראָפּאַגאַנדיסט שרייבט אָן אַ נאָטיץ אין די וואַנט-צייטונג און קריטיקירט דאָרט די מער ערנסטע פאַלן פון ברעכן די פּאַרטיי-דיסציפּלין.

## ליטעראַטור

1) סטאַטוט פון אַלק"פּ(ב).

2) רעזאָלוציע פונם נאָיאַבר-פּלענום פון צ"ק. וועגן ווערבירן אַרבעטער און רעגולירן דעם וואוקס פון דער פּאַרטיי.

3) לענין. — „אַ טראָט פאָרויס, צוויי טריט צוריק", באַנד V (ערשטע רוסישע אויסגאַבע), ז. 336 ביזן סאָף זייטל; ז. 338 פון די ווערטער „פּאַראַגראַף 1 אין מאַרטאָווס פּראָעקט..." אָפּן ז. 339; פּאַראַגראַף ז. 346 ביז די ווערטער: „זיך סוימעך זיין אויף דעם, וואָס..." אָפּן ז. 351; ז. 458 פון די ווערטער „דאָס אָנעמען די פּראָגראַם..." ביז די ווערטער „די רעדאַקציע פון דער נייער „איסקרא"..." אָפּן ז. 464.

4) לענין — „וואָס טאָן?", ב. V (ערשטע רוסישע אויסגאַבע), ז. 120 „וואָס הייסט פרייהייט פון קריטיק" ביזן סאָף קאַפּיטל.

# קאַפּיטל XIII דער קאַמף פאַר דער פּאַרטיי

דער קאַמף פאַר איינהייט אין די פריערדיקע יאָרן. — די דיסקוסיע וועגן בריסקער שאָלעם. — לענינס פּאָזיציע. — טראָצקי וועגן די פּראָפאַריינען. — לענין וועגן די פּראָפּאַריינען. — שליאַפּ-ניקאָווס גרופּע. — דער בריוו פון די „46“ און טראָצקיס אַרויס-טרעטונג. — די פּאַרטיי וועגן דער אָפּאָזיציע. — „וואָס לערנט אונדז אָקטיאַבער“. — ערעוו דעם צוזאַמענפאָר. — די כ לוקעדייעס אַפן צוזאַמענפאָר. — די אָרגאַניזירונג פונם אָפּאָזיציאָנעלן בלאָק. — די פּאַרטיי וועגן דעם בלאָק. — די אומלעגאַלע אַרבעט. — די אַנ-שויאונג-סיסטעם פון דער אָפּאָזיציע.

אונזער פּאַרטיי האָט זיך געבוים און געשטאַרקט אינם אומדערמידלעכן קאַמף פאַר דער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסטישער אויסגעהאַלטנקייט קעגן יעטווידער אָפּאָרטוניזם, פשאָרעמאַכעריי, רעוויזיאָניזם.

די פּאַרטיי האָט געקעמפט פאַר באַהעפטקייט און איינהייט — פאַר איינהייט אַף אַ פּרינציפּיעלן יעסאָד, אַפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם.

איר קאַמף אין דער אַרבעטער-באַוועגונג איז געווען געצילט סיי קעגן דער רעכטער פשאָרעמאַכערישער שטרעמונג (לעמאָשל, קעגן די „עקאָנאָמיסטן“, „מענשעוויקעס“, „עסערן“), סיי קעגן די „פּראַזע-רעוואָלוציאָנערן“, וואָס האָבן קאָקעטירט מיט לינקע לאָזונגען (ווי טראָצקי, די „אָטזאָוויסטן“ און „אולטימאַטיסטן“ א. א. וו.), קעגן לינקע אָפּנייגן.

די לעצטע יאָרן האָט די פּאַרטיי פאָרגעזעצט דעם קאַמף פאַר איינהייט קעגן די רעכטע און לינקע אָפּנייגן, קעגן פשאָרעמאַכעריי צו זיי.

אין אָט דעם אומאויפהערלעכן קאַמף האָט זיך פאַרהאַרטעוועט די אויסגעהאַלטענע לענינשע פּאַרטיי פון באָלשעוויקעס.

## 1. דער קאַמף אַרום בריסקער שאָלעם

### דער קאַמף פאַר איינהייט אין די פריערדיקע יאָרן

אויבן האָבן מיר זיך פיל מאָל אָפּגעשטעלט אַף די פאַרשיידענע עטאַפּן פון דעם-דאָזיקן קאַמף.

בעאיים דער ערשטער רעוואָלוציע האָט זיך מיט אַן אַבסאָלוטער קלאָרקייט אַרויסגע-געוויזן, אַז דער באָלשעוויסטישער קאַמף קעגן דעם מענשעוויזם איז אַ קאַמף קעגן דעם בורזשואַזן איינפלוס אַפן פּראָלעטאַריאַט.

מיט זייער רופן צו אַ בלאָק מיט דער בורזשואַזיע, מיט זייערע אָנפאַלן אַף דער טאַק-טיק פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד, מיטן מעגאַזעם זיין די באַדייטונג פון דער מעלוכע-

דומע און פון קאָלהאַמינים לעגאַלע אַרבעט האָבן די מענשעוויקעס באַוויזן, אַז זיי רעווידירן און „פאַריכטן“ דעם מאַרקסיזם.

אינם פעריאָד פון דער רעאַקציע און פונם נייעם אויפשטייג האָט דער באָלשעוויזם געקעמפט סאַי קעגן די „לינקע“, וואָס האָבן געוואָלט, אַז די אַרבעטער-דעפוטאַטן זאָלן אַוועקגיין פון הער דומע, סאַי קעגן די ליקווידאַטאָרן, וואָס האָבן פאָרגעזעצט די אַרבעט פונם מענשעוויזם. מיט דעם, וואָס זי האָט אָפּגעהאַקט פון זיך די „אָטזאָוויסטן“ און האָט פאָרמעל איינגעריסן מיטן מענשעוויזם, איז אונזער פאַרטיי געווען בעקויעד, ניט געקוקט אַף די שווערע באַדינגונגען, צו זיין די אָנפירערן פונם פראָלעטאַריאַט אינם פעריאָד פונם נייעם אויפשטייג און האָט צוגעצויגן אַף איר זייט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. איר פעסטקייט און איינהייט האָט זי אויך דאָס מאָל, פונקט אַזוי ווי שטענדיק, דערגרייכט דורך אַן אַקשאָנעסדיקן אויסגעהאַלטענעם קאַמף קעגן אַלע פאַרקריפלונגען פונם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, קעגן אַלערליי אָפּאָרטוניסטן.

אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָלוציע איז אונזער פאַרטיי אויסגעקומען צו קעמפן אויך קעגן טראָצקיס פרואוון צו פאַרקריפלען דעם מאַרקסיזם.

טראָצקיס גאַנצע פאָליטישע טעטיקייט איז געווען אַ קאַמף קעגן דעם לעניניזם. שוין נאָכן 2-טן פאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט טראָצקי אַרויסגעלאָזן צוויי בראָשורן, וואָס זיינען געווען געצילט קעגן דעם באָלשעוויזם. ער האָט באַשולדיקט לענינען אין דעם, אַז ער איז אַ „פאַרטיי-דעזאָרגאַניזאַטאָר“, אַ „פירער פונם רעאַקציאָנערן פליגל פון אונזער פאַרטיי“, אַ „דיקטאַטאָר“ א. א. וו. נאָך זיין מיינונג האָט דער 2-טער צוזאַמענפאָר אַדאַנק לענינען ניט געשאַפן, נאָר צעשטערט די פאַרטיי. דעם אָרגאַניזיר-פּלאַן פון די באָלשעוויקעס האָט ער דערקלערט אַלס סיסטעם פון „דיקטאַטור איבערן פראָלעטאַריאַט“, דעם צ"ק האָט ער אָנגערופן „בודאָטשניק“ א. א. וו.

אין דער ערשטער רעוואָלוציע האָט זיך טראָצקי געוואָרפן צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. אינם פעריאָד פון דער רעאַקציע און פונם נייעם אויפשטייג האָט ער זיך געפרואווט פאַרייניקן די מענשעוויקעס און אַנדערע גרופעס קעגן דעם באָלשעוויזם (דער „אַווגוסט-בלאָק“). ער האָט געשריבן וועגן לענינען ווי וועגן אַן „אינטריגאַן“ („סקלאָטשניק“) און „פאָרשטייער פון אַלץ, וואָס איז אָפּגעשטאַנען אין דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג“. וועגן דעם באָלשעוויזם האָט ער געזאָגט: „דער גאַנצער בּיניען לעניניזם איז אויסגעבויט אַף שעקער און פאַלסיפיקאַציע און טראָגט אין זיך דעם גיפט פון דער אייגענער צעפאַלונג“.

אין דער מילכאָמע-עפּאָכע האָט ער פאָרגעזעצט דעם קאַמף קעגן אַ ריי האַנאָכעס פונם באָלשעוויזם (לעמאָשל, קעגן דער „מאַפּאָלערייִ“) און האָט זיך געגרן פאַרייניקט מיט די ניטשטאַנדהאַפטיקע, סאָציאַל-פשאָרעמאַכערישע עלעמענטן.

קלאָר, אַז אונזער פאַרטיי האָט געמוזט אַנטשלאָסן קעמפן קעגן אָט די אַלע טראָצקיס פעלערן.

דער קאַמף מיט אָפּנויגן און פשאָרעדיקער באַציאונג צו זיי האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט נאָך דער פעוורשאַל-רעוואָלוציע.

אַפן יעסאָד פון אַ שאַרפן און אומדערבאַרעמדיקן קאַמף קעגן דער סאָציאַלער-פשאָרעמאַכעריי און שאָלעם-טרייבעריי האָט אונזער פאַרטיי צונויפגעזאַמלט די אייזערנע

פּראָלעטאַרישע באַטאַליאָנען אַרום דער פאָ-
פונם מאַרקסיזם—לעניניזם אין די אָקטיאַבער-
שלאַכטן פון 1917 יאָר און האָט אָפּגעהאַלטן
אַ ניצחון.

מיר האָבן שוין געזען, אַז אין דער פּאַר-
טיי זיינען צו יענער צייט געווען באַוועגונגען,
וואָס זיינען געגאַנגען קעגן דער פּאַרטיי, גע-
וואַקלט זיך אין די גרונט-פראַגן, דערווידערט
קעגן דעם קאַמף פאַר מאַכט (קאַמעניעוו, זי-
נאָוויעוו). די באָלשעוויקעס האָבן איזאָלירט
אָט די וואַקלענדיקע עלעמענטן, שטרענג פאַ-
רורטיילט זייערע אַרויסטרעטונגען קעגן דער
פּאַרטיי-ליניע און אַזוי אַרום איינגעהיט די
פעסטקייט און איינהייטלעכקייט פון דער
פּאַרטיי. לענין האָט אַפילו געשטעלט די פראַ-
גע וועגן אויסשליסן דיזאָזיקע עלעמענטן פון
פּאַרטיי אַלס שטרייקברעכערס.


מ. ו. פ ר ו נ ז ע (געבאָרן אין 1885 —
געשטאָרבן אין 1925).

באַלד נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע
האָבן אייניקע פּאַראַנטוואָרטלעכע באַוועגונגען
אָנגעהויבן דערלאַנגען אין דימיסיע, פאָדערן, אַז די באָלשעוויקעס זאָלן איינשליסן די
פּשאָרעמאַכערישע פּאַרטייען אין דער רעגירונג; אונזער צ"ק מיט לענינען בעראָש האָט
גענומען אַ פעסטע ליניע קעגן אָט די פּשאָרעמאַכעריי. די אַרבעטער-מאַסן האָבן גע-
שטיצט די פּאַרטיי. די איינהייט איז פאַרהיט געוואָרן. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט
איז געוואָרן אייזן-שטאַרק.

אַזוי האָט אונזער פּאַרטיי אומאויפהערלעך געקעמפט פאַר דער באָלשעוויסטישער
אויסגעהאַלטנקייט קעגן אַלערליי אָפּנייגן, קעגן קליינבירגערלעכער ווירקונג אַף אונזער
פּאַרטיי, קעגן פּשאָרעמאַכערישער באַציאונג צו אָפּנייגן.

## די דיסקוסיע וועגן בריסקער שאָלעם

די גרעסטע און סאַמע ערנסטע מיינונגס-פאַרשיידנקייטן אין אונזער פּאַרטיי אינם
ערשטן יאָר נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע זיינען געווען די שטרייטן וועגן דעם בריס-
קער שאָלעם. קעגן דער פּאַרטיי-מערהייט זיינען דעמאָלט אַרויסגעטראָטן טראָצקי און
אַ גרופּע „לינקע קאָמוניסטן" (בוכאַרין, פּיאַטאַקאָוו, ראַדעק א. אַנד.).

אין יענעם פּעריאָד האָט אונזער פּאַרטיי געמוזט אָנקומען צו דער ט אַ ק ט י ק פ ו ן
צ ו ר י ק ט ר י ט. דער פּרואוו צו ווירקן אַף אַלע מילכאָמע-פירנדיקע מעלוכעס אָנ-
צוהויבן אַלגעמיינע שאָלעם-אונטערהאַנדלונגען האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנית. דע-
מאָלט האָבן מיר פאָרגעלייגט דייטשלאַנד אָנצוהויבן מיט אונז אונטערהאַנדלונגען וועגן
שלימן שאָלעם.

די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן. בעאיים דידאָזיקע אונטערהאַנדלונגען איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער קריזיס אין דער פאַרטיי. פאַר אונז זיינען געווען דריי מעגלעכקייטן: 1) שליסן אַ שאָלעם מיטן אימפעריאַליסטישן דייטשלאַנד, גייענדיק אַפילע אַף געוויסע האַנאָכעס, 2) ניט שליסן קיין שאָלעם, נאָר אָנהויבן אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע קעגן דייטשלאַנד, אויסרעכנענדיק אַף דעם, אַז איינגיכן וועט דער דייטשישער פראָלעטאַריאַט מאַכן אַ רעוואָלוציע און וועט אונז אונטערשטיצן, 3) קיין שאָלעם ניט אונטערשרייבן און קיין מילכאָמע ניט פירן, ד. ה. פאַרנעמען אַ מיטל-פאָזיציע, אין טאָך געגומען, פון אַ ריין דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער.

די אַלגעמיינע לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז אונזער פאַרטיי האָט געמוזט דורכפירן אַ טאַקטיק פון צוריקטריט פאַר אַ סוינע, וואָס איז געווען שטאַרקער פאַר אונז.

דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן אַ גרופע „לינקע“ קאָמוניסטן בעראָש מיט בוכאַרינען, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַלס פאַרברענטער קעגנער פונם שאָלעם. זיי האָבן געטאַינעט, אַז דאָס שליסן אַ שאָלעם צווישן דער ראַטן-רעפובליק און דער דייטשישער אימפעריאַליסטישער רעגירונג וועט אַרונטעררייסן די גאַנצע באַדייטונג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. דער שאָלעם וועט שטאַרק מאַכן דייטשלאַנד, וועט טאָרמאָזירן די וועלט-רעוואָלוציע, וועט שטערן דעם קאַמף פונם דייטשישן פראָלעטאַריאַט. אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע אָבער וועט געבן אַ דירעקטן שטויס דער דייטשישער רעוואָלוציע.

טראָצקי האָט פאַרנומען אַ מיטלסטע פאָזיציע — ניט אַהער, ניט אַהין, ניט קיין שאָלעם, ניט קיין מילכאָמע. ער האָט, אין טאָך גענומען, פאָרגעלייגט צו מאַכן אַ שיינעם זשעסט און פאַרלאָזן זיך אַפן באַראָט פון די זיגער.

ווען אין צ״ק האָט, טראָץ לענינען, גענומען די אויבערהאַנט דידאָזיקע ליניע און מיר האָבן געמאָלדן די דייטשן, אַז מיר דעמאָביליזירן אונזער אַרמיי, די מילכאָמע הערן מיר אויף, נאָר קיין שאָלעם ווילן מיר ניט, איז די דייטשישע קאָמאַנדירונג טייקעף אַוועק אין אַן אָנגריף צו פעטערבורג. לענין איז באַשטאַנען, אַז מען זאָל אַוועקוואַרפן די טראָצקיסטישע פאָליטיק פון הויכע רעוואָלוציאָנערע פראַזן און מיר זיינען מאַסקים געווען אַף די שאָלעם-באַדינגונגען, וואָס מע האָט אַרויסגעשטעלט אין בריסק. מע מוז זאָגן, אַז די טראָצקיסטישע טאַקטיק האָט אונז גאַנץ טייער געקאָסט, און די באַדינגונגען, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעשטעלט, זיינען געווען אַסאַך ערגער, איידער די, וואָס אַף זיי זיינען זיי מאַסקים געווען פריער.

## לענינס פאָזיציע

אין וואָס איז באַשטאַנען דער טאָעס פון די לינקע קאָמוניסטן און פון טראָצקין. קוידעמקאָל האָבן זיי ניט גענומען אין אַכט די אינטערעסן פונם פויערטום (דערדאָזיקער טאָעס האָט זיך שטענדיק איבערגעכאַזערט בא טראָצקין). לענין האָט געטאַינעט: „דער פויער וויל ניט קיין מילכאָמע און וועט ניט גיין אַף מילכאָמע“. דאָס לאַנד איז מיד געוואָרן פון דער מילכאָמע. די אַרמיי צעלויפט זיך. דער פויער האָט באַקומען געזעצן וועגן דער ערד, ער האָט נאָך אָבער ניט געהאַט קיין איין זומער אָן די פריצים און אָן די מילכאָמע-אָפקומענישן. אונזער פאַרטיי איז מעכויעוו צו רעכענען זיך מיט דער שטרעבונג פון די פויערים און פון די אַרבעטער צו שאָלעם.

צווייטנס, דאַפקע פאַרן ערפאָלג פון דער וועלט־רעוואָלוציע איז וויכטיק צו שליסן שאָלעם, ווייל דערמיט ווערט איינגעהיט די ערשטע סאָציאַליסטישע רעפּובליק און מיר באַקומען אַן אָטעם־איבערכאַפּ, קעדיי ווייטער צו פאַרשטאַרקן די דיקטאַטור פונם פּראָ־לעטאַריאַט. דער ביישפּיל פון רוסלאַנד, וואָס האָט באַ זיך באַזיגט די בורזשואַזיע, וועט שטויסן די וועלט־רעוואָלוציע. אויב אָבער מיר וועלן אָנהויבן אַ מילכאָמע — וועלן מיר צעשלאָגן ווערן, און דער וועלט־קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט וועט באַקומען אַ שווערן קלאַפּ.

דריטנס, די שמועסן וועגן פירן אַ רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע זיינען אַ פּאָשעטע פראַזע, ווייל באַ אונז איז ניטאָ קיין אַרמיי, ניטאָ קיין מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, ניטאָ קיין קרעפטן פאַר אַ נייער מילכאָמע. פאַרשטייט זיך, אַז די בורזשואַזיע וועט גיך אָנהויבן אַ מילכאָמע קעגן דער ראַטן־רעפּובליק, אָבער, אַז מיר וועלן באַקומען אַן אָטעם־איבערכאַפּ, וועלן מיר זיין אימשטאַנד צוצוגרייטן זיך, שאַפן אַ נייע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי און זיך פאַרטיידיקן. אויב מיר האָבן איצט ניט קיין קרעפטן, דאַרף מע דעריין אָפן זיך מודע זיין און גיין אַף אַ צוריקטריט, אַף האַנאָכעס, אַפן שווערסטן שאָלעם און האָבן אין זינען, אַז בלויז דער־דאָזיקער צוריקטריט וועט ראַטעווען די רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז אומפאַרמיידלעך און דער שאָלעם, וואָס מיר שליסן, וועט סאַי ווי סאַי באָטל ווערן.

„יעטווידער ערנסטער פויער און אַרבעטער, וועט האַלטן, אַז איך בין גערעכט, ווייל זיי פאַרשטייען, אַז דער שאָלעם איז אַ מיטל אַף אָנזאַמלען קרעפטן. די געשיכטע וועט זאָגן, ווער עס איז גערעכט“, — אַזוי האָט געזאָגט לענין.

און, ווירקלעך, זייער גיך *זיינען פאַרווירקלעכט* געוואָרן לענינס פאָרויס־זאָגונגען. די לינקע קאָמוניסטן האָבן אָפן געמוזט מודע זיין, אַז זיי האָבן געהאַט אַ טאָעס, און לענין איז געווען גערעכט. אינגיכן איז די גרופּע „לינקע קאָמוניסטן“ צעפאַלן געוואָרן.

## 2. דער קאַמף אין דער פּאַרטיי באַם אַריבערגיין צום נעפּ

### טראָצקי וועגן די פּראָפאַריינען

צום אָנהויב 1921 יאָר האָט דאָס ראַטן־לאַנד איבערגעלעבט אַ זייער שווערע צייט. דער בירגערקריג האָט זיך פאַרענדיקט. דאָס לאַנד איז געווען אויסגעצערט פון דריטהאַלבן יאָר מילכאָמע, פון הונגער און כורבן. די אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט האָבן איבערגעלעבט אַ יערידע. דאָס פויערטום איז געווען אומצופרידן מיט דער סיסטעם פון מויסרעס־אָפּנעם. מע האָט געמוזט געפינען *וועגן* אַף אַריבערגיין פונם קריגס־קאָמוניזם צו אַ נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

אין יענער צייט האָט זיך אין דער פּאַרטיי (קעגן לענינס ווילן) אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע מיקוייעך דער פראַגע וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. עס איז זייער אינטערעסאַנט, ווי אַזוי זי האָט זיך אָנגעהויבן. די־דאָזיקע פראַגע איז צוויי מאָל באַהאַנדלט געוואָרן אַפן פּלענום פונם צ״ק אין סאָף 1920 יאָר. טראָצקי איז פאַרבליבן באַ זיינע אָנשויאונ־

נעז אינגאַנצן אַליין (1 פון 19 מיטגלידער פונם צ"ק). דעמאָלט האָט ער זיך גענומען צוקלייבן אָנהענגער מעכוץ דעם צ"ק, דערנאָך אַרויסגעטראָטן מיט אַ „פּלאַטפאָרם" קעגן דער פּאָזיציע פונם צ"ק, און האָט פאָרגעלייגט דעם צוזאַמענפאָר אויסצואוויילן צווישן די צוויי ליניעס. טראָצקי האָט באַשלאָסן אַנטקעגנשטעלן זיך קעגן דעם צ"ק. דאָס האָט זיך נאָכדעם איבערגעכאַזערט ניט איין מאָל.

אין וואָס איז באַשטאַנען טראָצקיס באַזונדערע פּאָזיציע? ער האָט געהאַלטן, אַז אין יענעם איבערגאַנגס-מאָמענט איז דאָס וויכטיקסטע ניט אין דער באַציאונג פונם פּראָלעטאַריאַט צום פּויערטום, נאָר אין דער רעאָרגאַניזירונג פון די פּראָפאַריינען.

ער האָט פאָרגעלייגט צונויפגיסן („צונויפוואַקסן") די פּראָפאַריינען מיט די ווירטשאַפטלעכע און מעלוכע-אָרגאַנען (לעמאָשל, דער העכסטער ראַט פאַר פאָלקס-ווירטשאַפט האָט אַף אַ העלפט געדאַרפט באַשטיין פון מיטגלידער פונם אַלפאַרבאַנדישן פּראָפראַט). די פּראָפאַריינען וואָלטן אַף אַזאַ אויפן געוואָרן מעלוכע-אָרגאַנען.

זייער גרונט-אויפגאַבע וואָלט געווען „באַהערשן די פּראָדוקציע". זיי וואָלטן געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּראָדוקציע, וואָלטן אָנגעפירט מיט איר, ווי אַ טייל פון מעלוכע-אַפּאַראַט.

דערביי האָט טראָצקי פאָרגעלייגט „דורכטרייסלען" די פּראָפאַריינען, ד. ה. אָנווענדן צו זיי אַזוינע מעטאָדן, וואָס האָבן געדראָט מיט צעשפּאַלטן די פּראָפ-באַוועגונג.

## לענין וועגן די פּראָפאַריינען

אין וואָס איז באַשטאַנען טראָצקיס גרונט-פעלער? דערין, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען אַלע אייגנטימלעכקייטן פון דערדאָזיקער צייט און האָט ניט געזען, אַז די הויפּט-פראַגע ליגט אינם פאַרבעסערן די באַציאונגען צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום. מע האָט געמוזט אויסגעפינען וואָסערע האַנאָכעס דאַרף מע מאַכן דעם פּויערטום, זיי זאָלן קאָנען פאַרשטאַרקן דעם בונד מיט אים, העלפן דעם ווירטשאַפטלעכן וואוקס פונם לאַנד און פאַרשטאַרקן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

צווייטנס, איז געווען פעלערהאַפט דער פּראָעקט אַרויפצוּוואַרפן אַף די פּראָפאַריינען די אָנפירונג מיט דער פּראָדוקציע און צונויפגיסן זיי מיט די מעלוכע-אָרגאַנען, ווייל די פּראָפאַריינען האָבן זיך גאָרניט געדאַרפט נעמען פאַר דער אַרבעט פון די ראַטן-אָרגאַנען. פאַר די פּראָפאַריינען זיינען געשטאַנען גאָר אַנדערע אויפגאַבן — זיין די שול פונם קאָמוניזם, מיטווירקן דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט מיט דער הילף פון אָפּקלייבן טוער, אויפהויבן די פּראָדוציר-דיסציפּלין א. א. וו. ענדלעך, האָבן זיי נאָך געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פונם אַרבעטער-קלאַס, באַזונדערס אין די פאַלן, ווען די ווירטשאַפטלעכע און מעלוכע-אָרגאַנען כאַפּן איבער די מאָס. בלויז בײַ אַזעלכע באַדינגונגען וואָלטן די פּראָפאַריינען געהאָלפן דער פּאַרטיי צו פאַרבינדן זיך ענג מיט דער מאַסע און אָנפירן מיט איר.

די סיסטעם פון „דורכטרייסלען" וואָלט געווען דערווידער דער גאַנצער פּאַרטיי-פּאָליטיק. די פּאַרטיי גייט צו צו דער מאַסע קוידעמקאָל דורך איבערצייגן, אַלס הויפּט אָנפיר-מיטל. דאָס „דורכטרייסלען" וואָלט דעזאָרגאַניזירט די פּראָפאַריינען און וואָלט

געבראַכט צו דער געפאַר פון אַן אײנרײס צװישן דער פּאַרטײ און די פּראָפאַרײנען. מע דאַרף פאַרצײכענען, אַז פון דער פראַגע װעגן די פּראָפאַרײנען האָט טראָצקי געשאַפן אַ פראַקציאָנעלע אַרױסטרעטונג, װאָס האָט אַרױסגערופן אַ רײ פאַרשײדענע גרופּירונגען אין דער פּאַרטײ.

דערצו נאָך איז די דיסקוסיע (װי לענין האָט זיך אױסגעדרוקט) געװען אַן „איבערמאָסיקער לוקסוס, װאָס מע קאָן זיך ניט דערלױבן". זי האָט אַרױסגערוקט אַ פראַגע, װאָס איז קלאַל ניט געװען די צענטראַלע פאַר יענער איבערגאַנגס=צײט. דאָס איז געװען די צײט פונם קראָנשטאַטער אױפשטאַנד און פון אַ רײ פּױערשע אױפשטאַנדן. מע האָט געמוזט לײזן און באַהאַנדלען די פראַגע װעגן דער פּױערשער אומצופרידנהײט, אַדאַנק דער פּראָפאַרײנישער דיסקוסיע האָט די פּאַרטײ ניט געגוג ברײט באַהאַנדלט פאַרן צוזאַמענפאַר און אַפילו אָפן 10=טן צוזאַמענפאָר די פראַגע װעגן אַריבערגײן צו נעפּ. קימאַט גלײך נאָכן צוזאַמענפאָר האָט מע געמוזט צונױפרופן אַ קאָנפערענץ פון דער פּאַרטײ, קעדײ נאָכאַמאָל צו באַהאַנדלען די גרונט=פראַגן װעגן דעם פּױערטום.

## שליאַפּניקאָװס גרופּע

צװישן אַנדערע גרופּעס האָט אַ באַזונדער אָרט פאַרנומען די גרופּע „אַרבעטער=אָפּאָזיציע", װאָס בעראָש פון איר זײנען געשטאַנען שליאַפּניקאָװ, קאָלאָנטאַי א. אַנד. דידאָזיקע גרופּע האָט אָפּגעשפּיגלט *די צעכאָװע שטימונגען* פון געװיסע פּריװילעגירטע גרופּעס אַרבעטער. די אַרבעטער=אָפּאָזיציע האָט פאָרגעלײגט די גאַנצע װירטשאַפט=פירונג איבערגעבן די פּראָפאַרײנען, װאָס זײנען אָבער געבױט אַף גאָר אַ באַזונדער אױפן. זי האָט פאָרגעלײגט צונױפרופן אַן אַלרוסלענדישן *פּראָדוצירער*=צוזאַמענפאָר, װאָס זאָל אױסװײלן אַ צענטראַלן אָרגאַן אַף פאַרװאַלטן מיט דער װירטשאַפט פון דער רעפּובליק.

דער 10=טער צוזאַמענפאָר האָט אָנערקענט שליאַפּניקאָװס פּאָזיציע פאַר אַ *סינדיקאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע*.

ערשטנס, איז לױט זײן פּלאַן אױסגעקומען, אַז די גאַנצע אָנפירונג מיט דער װירטשאַפט װערט צעטײלט אַף שטיקער: די אײזנבאַן=אַרבעטער פירן אָן מיטן טראַנספּאָרט, נאַפט=אַרבעטער מיט דער נאַפט=אינדוסטריע, טעקסטילער מיט דער טעקסטיל=אינדוסטריע א. א. װ. אַזױ אַרום װערט צעשטױבט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און די גאַנצע סאָציאַליסטישע בױאונג. אָנשטאָט די אַלגעמײן=פּראָלעטאַרישע אינטערעסן װערן אַרױסגערוקט די צעכאָװע אינטערעסן, די אינטערעסן פון דער באַזונדערער פּראָפעסיע. דער אַרבעטער=קלאַס װאָלט צעריסן געװאָרן אַף שטיקער. אָנשטאָט פּראָלעטאַרישע אײנהײט, — צעשטױבטקײט.

צװײטנס, האָט שליאַפּניקאָװ אָנשטאָט דער פּראָלעטאַרישער ליניע פאַרטײדיקט די קלײנבירגערלעכע. װאָרום צװישן די „פּראָדוצירער" (װאָס זײ האָט ער פאָרגעלײגט איבערצוגעבן די גאַנצע װירטשאַפט) זײנען אױך אַרײנגערעכנט געװאָרן כוץ די אַרבעטער, אױך די פּױערים, קוסטאַרן, האַלבפּראָלעטאַריער.

דריטנס, האָט שליאַפּניקאָװ ניט ריכטיק אָנגעמערקט די פאַרהעלטעניש צװישן דער פּאַרטײ און דעם אַרבעטער=קלאַס. ער האָט, אין טאָג געגומען, פאָרגעלײגט אונטערצו=

וואַרפן די פּאַרטיי דער אומפּאַרטייאישער סטיכיע. די אָנפירנדיקע און אָרגאַניזירנדיקע ראָלע, פון דער פּאַרטיי איז בײַ שליאַפּניקאָוון פאַרשוואונדן געוואָרן.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנערקענט, אַז דידאָזיקע אָנשויאונגען פאָרן זיך ניט מיט דער אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי.

אין אייניקע באַדאָשים אַרום נאָכן צוזאַמענפאָר איז שליאַפּניקאָוו (זייענדיק אַ מיטגליד פונם צ"ק) שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די פּאַרטיי-באַשלוסן. ער האָט אַנטקעגנגעשטעלט זיך דער פּאַרטיי. לעניז האָט געפאָדערט אין צ"ק אויסשליסן שליאַפּניקאָוון פון דער פּאַרטיי פאַר אויוועך זיין אַף אַ גראָבן אויפן די דיסציפּלין. עס האָט געפעלט בלויז איין שטים אַף דורכצופירן דעמדאָזיקן באַשלוס אינם לעבן (עס האָט זיך געפאָדערט צוויי דריטל פון אַלע שטימען). שליאַפּניקאָוו האָט באַקומען אַ האַסראָע.

אָבער סאַי ער, סאַי אַנדערע מיטגלידער פון דער „אַרבעטער-אָפּאָזיציע" האָבן פאָרגעזעצט זייער ליניע, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך געווענדעט אינם קאָמינטערן (די „מעלדונג פון די 22") מיט אַן אָנקלאָגע אָפּן צ"ק און האָבן זיך ניט געשעמט מיטיילן אַ גאַנצע ריי פאַלשע יעדיעס וועגן דער אַרבעט פונם צ"ק.

דער קאָמינטערן האָט פאַרורטיילט דידאָזיקע גאַנצע גרופּע. דער XI צוזאַמענפאָר האָט באַאויפטראָגט אויסצושליסן דידאָזיקע באַוויירים פון דער פּאַרטיי אינם פאַל, אויב זיי וועלן ווייטער אַרויסווייזן אַנטיפּאַרטייאישקייט.

אָבער, ווי מיר וועלן ווייטער זעען, האָבן שליאַפּניקאָוו, מעדוועדיעוו א. אַנד. ניט אויפגעהערט זייער קאַמף קעגן דער פּאַרטיי.

## 3. די דיסקוסיע פון די יאָרן 1923—1924

### דער בריוו פון די „46" און טראָצקיס אַרויסטרעטונג

דער סאָף זומער און דער האַרבסט פון 1923 יאָר זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַ ריי ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע שוועריקייטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שאַרפער אונטערשייד צווישן די פּרייזן אַף ברויט און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן פון איין זייט און די הויכע פּרייזן אַף די אינדוסטריעלע פּראָדוקטן פון דער אַנדערער זייט (די „ש ע ר"). אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט דאָס פויערטום ניט געקאָנט קויפן די סכוירעס, וואָס זיינען אים געווען נויטיק, און האָט ניט געהאַט קיין אימפּולסן צו פאַרברייטן דעם פאַרזיי-שעטאַח. די אינדוסטריע, ווידער, האָט ניט באַקומען קיין גענוג ברייטן מאַרק פאַר איר פּראָדוקציע. פון דער גאַנצער סומע געברויך-זאַכן, וואָס די מעלוכע-אינדוסטריע האָט פּראָדוצירט, איז אין 1923 יאָר אַריינגעפאַלן אין דאָרף ווייניקער פון ⅓.

דער געשאַפענער ווירטשאַפטלעכער קריזיס האָט אַרויסגערופן פאַרשפּעטיקונגען אינם אויסצאָלן דעם אַרבעטס-לוין און אַ כוואַליע שטרייקן.

אין דערזעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ פּאָליטישער קריזיס אין דייטשלאַנד. דאָס לאַנד איז געווען ערעוו אָקטיאַבר. מיר האָבן זיך געקאָנט ריכטן, אַז עס זאָל אַנט-

שטיין אַ דייטשישע ראַטן־רעפּובליק, נאָר די באַוועגונג פון די מאַסן האָט זיך ניט אויס־געגאָסן אין אַ רעוואָלוציאָנערן אויפברויז (מיילוויין אַדאַנק די פעלערן און דער אָנפירונג מיצאַד די דייטשישע קאָמוניסטן). דאָס האָט ארויסגערופן אַ געוויסע אַנטוישונג אויך בּאַ די אַרבעטער פונם ראַטן־פאַרבאַנד.

מע דאַרף צוגעבן, אַז גראָד אין יענעם יאָר האָט זיך לעניגס קראַנקייט פאַרערגערט און ער איז אינגאַנצן אַוועק פון יעטווידער אַרבעט.

אָט יענע שווערע צייט האָט טראָצקי און אַנדערע אָפּאָזיציאָנערן אויסגעקליבן אַף אָרגאַניזירן אַן אָנפאַל אַפן צ״ק פון דער פּאַרטיי.

האַגאַם דער צ״ק האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אַף צו באַהאַנדלען די פּראַגע וועגן דער „שער“ און אַנדערעווירטשאַפטלעכע פראַגן, האָבן טראָצקי א. אַנד. ניט געוואָלט אַרבעטן אין דערדאָזיקער קאָמיסיע, און האָבן באַשלאָסן ווענדן זיך צו דער פּאַרטיי. טראָצקי האָט דערלאַנגט אַ מעלדונג אינם צ״ק וועגן די פעלערן פון דער פּאַרטיי־אָנפירונג. איינצייטיק איז אַריינגעטראָגן געוואָרן די מעלדונג פון די „46“, וואָס האָט אויך גערעדט וועגן דער ניטבאַפרידיקנדיקער אָנפירונג, וועגן דער ניטבאַטראַכטקייט פון די באַשלוסן פונם צ״ק, וועגן דעם, אַז דער צ״ק פירט דאָס לאַנד צו „אומגעהויער שאַרפע ווירטשאַפטלעכע אויפטרייסלונגען“, צו „פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס“, צום „פּולשטענ־דיקן פאַראַליטיש פון אונזער אַקטיווקייט“ א. א. וו.

דידאָזיקע דאָקומענטן האָט די אָפּאָזיציע ענערגיש פאַרשפרייט אין דער פּאַרטיי.

פאַרזעצנדיק זיין אַרבעט, האָט דער צ״ק אָנגענומען אַ ריי פּראַקטישע באַשלוסן, באַזונ־דערס, וועגן פאַרברייטערן די פּאַרטייאישע דעמאָקראַטיע א. א. וו. אָבער די אָפּאָזיציע האָט געוואָלט גיט קיין פּראַקטישע אַרבעט, נאָר אַ דיסקוסיע, קעדיי אַראָפּצואוואַרפן די מערהייט פונם צ״ק; זי איז ווידעראַמאָל געגאַנגען מיט איר פראַקציאָנעלן וועג.

טראָצקי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ריי בראָשורן (דעם „נייעם קורס“ א. אַנד.) מיט שאַרפע באַשולדיקונגען קעגן דעם צ״ק פון פּאַרטיי, און די מיטגלידער פון דער אָפּאָזיציע האָבן אין אַלע קעמערלעך גענומען פירן א דיסקוסיע לעטוויוועס טראָצקיס באַהויפּטונגען. נאָכדעם אַפילע, ווי ער האָט אָפּגעשטימט פאַרן באַשלוס פון דער פּאָליט־ביוראָ איבער די פּאַרטייאישע פראַגן, האָט טראָצקי געהאַלטן פאַר נויטיק צו ווענדן זיך אַף מאָרגן מיט אַ בריוו דירעקט אין די ראַיאָנען, וואו ער האָט ווידער אַמאָל און נאָכאַמאָל אויפגע־הויבן אַ דיסקוסיע און געטאַיגעט וועגן זיינע מיינונגספאַרשיידנהייטן.

די אָפּאָזיציע האָט אַלץ געטאָן, קעדיי דער דיסקוסיע־פיבער זאָל צעטרייסלען די פּאַרטיי.

## די פּאַרטיי וועגן דער אָפּאָזיציע

די פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין אָנהויב יאַנוואַר 1924 יאָר, האָט אונטערגעצויגן די סאַכאַקלען פון דער דיסקוסיע און האָט פאָרמולירט די פעלערן, וואָס טראָצקי און די אָפּאָזיציע האָבן געמאַכט. אינם יעסאָד פון די מיינונגס־פאַרשיידנ־הייטן פון דער פּאַרטיי מיט דער אָפּאָזיציע איז געווען די פּראַגע וועגן די קענגזייטיקע פאַרהעלטענישן פונם אַרבעטער־קלאַס מיטן פּויערטום. די אָפּאָזיציע האָט ניט דיסקאָנ־טירט די אינטערעסן פונם מיטלפּויערטום, — ד. ה. פון דער גרונט־מאַסע קליינע סכוירע־

פּראָדוצירער — און האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז מעגלעך בלויז אַפן באָדן פונם צוזאַמענשלוס פון דער מעלוכישער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט מיט דער פויערשער ווירטשאַפטן, דורך דער קאָאָפּעראַציע. די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט האָט זיך געקאָנט פאַרפעסטיקן דאַפקע אַפן באָדן פונם צוזאַמענשלוס מיטן מיטלפויערטום, דורך איבעראַרבעטן די עקאָנאָמיק פונם קליינער פּראָדוצירער מיט דער הילף פון דער קאָאָפּעראַציע, דורך שאַפן קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן א. אַנד.

די אָפּאָזיציע (לעמאָשל, פּרעאָבראַזשענסקי) האָט געשאַפן אַ גאַנצע טעאָריע, אַז מע דאַרף פאַרשטאַרקן דעם שטייערן=פּרעס אין דאָרף, אַרויסבאַקומען פונם פויער נאָך אַ גרעסערן טייל פון זיינע האַכנאָסעס און מיט דער הילף פון דידאָזיקע מיטלען, וואָס מע וועט אַף אַ פאַרשטאַרקטן אויפן אויספּאָמפּען פון דאָרף, זאָל מע בויען די אינדוסטריע. דאָסדאָזיקע מאָסמיטל וואָלט געבראַכט דירעקט צו אַן איינרייס צווישן דעם אַרבעטער=קלאַס און דער מאַסע פויערטום.

אינם געביט פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק האָט די אָפּאָזיציע אַריינגעטראָגן נאָך אייניקע פאַרשיידנאַרטיקסטע פּאָרשלאָגן. אייניקע פון די פּאָרשטייער פון דער אָפּאָזיציע זיינען, אָנגעפאַלן אַפן נעפּ און האָבן שיר ניט געפאָדערט, מע זאָל זיך אומקערן צום קריגס=קאָמוניזם. אַנדערע, פאַרקערט, האָבן פאָרגעלייגט צו גיין אַף גרעסערע האַנאָכעס דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל. דער צ"ק פון דער פּאַרטיי איז געווען פאַר אַראָפּזעצן די פּרייזן אַף די אינדוסטריעלע סכוירעס, קעדיי צו מאַכן זיי צוטריטלעך פאַר די פויערים, און די אָפּאָזיציע, פאַרקערט, האָט געהאַלטן, אַז דער איקער איז צו באַקומען אַ הויכן רעוואַך פאַר דער אינדוסטריע. די פּאַרטיי האָט געשטרעבט צו אַן אַקטיוון באַלאַנס אינם אויסערן=האַנדל (ד. ה. אַז דער עקספּאָרט זאָל איבערשטייגן דעם אימפּאָרט און דאָס לאַנד זאָל קאָנען אָנזאַמלען גאָלד) — די אָפּאָזיציע האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף דאָס ניט.

טראָצקי און זיינע אָנהענגער זיינען בעאיים דער דיסקוסיע מיט אַלערליי מיטלען אָנגעפאַלן אַפן אָנפירנדיקן פּאַרטיי=אַפּאַראַט און האָבן דערקלערט, אַז ער דאַרף אינגאַנצן אַראָפּגעזעצט ווערן. זיי האָבן געפאָדערט באַלדיקע דורכויסיקע איבערוואַלן פון אַלע גובקאָמען, אוקאָמען, וואָלקאָמען א. א. וו. זיי האָבן געטאַינעט, אַז אַלע טוער פונם פּאַרטיי=אַפּאַראַט זיינען ביוראָקראַטן, און אַז די מענטשן, וואָס האָבן ביז דעמאָלט געבויט די פּאַרטיי און אָנגעפירט מיט איר, האָבן זייער זאַך אָפּגעטאָן און דאַרפן אַוועקגיין.

אין וואָס איז באַשטאַנען די אויפגאַבע פון דעמדאָזיקן אָנפאַל. טראָצקי און די אָפּאָזיציע האָבן גערעכנט, אַז אונטערן טומל פון דער דיסקוסיע וועלן זיי זיין בעקויעך דורכצופירן אין די פּאַרטיי=קאָמיטעטן זייערע אָנהענגער. אַנטקעגנשטעלן דעם אַפּאַראַט — דער פּאַרטיי האָט געהייסן אָנפאַלן אַף די יעסוידעס פונם פּאַרטיי=געבוי, ווייל די פּאַרטיי ווערט דאָך אָנגעפירט דורך אירע אויסגעוויילטע אָרגאַנען. איר צ"ק, די גובקאָמען, די סעקרעטאַרן פון די קעמערלעך זיינען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער פּאַרטיי. בלויז דעמאָלט, ווען עס זיינען פאַראַן פאַרהאַרטעוועטע אָנפירנדיקע קרעפטן, קאָן די פּאַרטיי אויספילן אירע אויפגאַבן. די אָנפאַלן אַפן אַפּאַראַט זיינען אין דער ווירקלעכקייט געווען אָנפאַלן אַף דער פּאַרטיי גופע און אַף איר באָלשעוויסטישער אָנפירונג. די צעשטערונג פונם פּאַרטיי=אַפּאַראַט וואָלט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון דער פּאַרטיי. אין דער

פראַגע האָט די אָפּאָזיציע איבערגעכאַזערט דעם מענשעוויסטישן קוק אַף דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פיגורירט אין דער דיסקוסיע אַפן II צוזאַמענפאָר.

אין איר דיסקוסיע=קאַמף איז די אָפּאָזיציע באַזונדערס פלייסיק אַרויסגעטראָטן אַף די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען און אַף די פאַרזאַמלונגען אין די הויכשולן. טראָצקי האָט געטאַינעט, אַז די שטודירנדיקע יוגנט איז די סאַמע וואַכזאַמע און עכטע פאַרטיי=קראַפט, וואָס דאַרף דינען אַלס מוסטער פאַר אַלעמען. איינציימיק האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז, פאַרקערט, דאָס אָנפירנדיקע קעפּל פון דער פאַרטיי (ד. ה. איר צ"ק אין דער ערשטער ריי) ווערט „איבערגעבאָרן", ד. ה. ער הויבט אָן צו נויגן זיך צום אָפּאָרטוניזם, מענשעוויזם א. א. וו.

טראָצקי האָט פאַרשוויגן, אַז די פירער פון אונזער פאַרטיי זיינען אויסגעוואַקסן אינם קאַמף מיטן מענשעוויזם און אַז די פאַרטיי=אָנפירונג ווערט די גאַנצע צייט קאָנטראָלירט פון דער גאַנצער פאַרטיי, וואָס גייט מיטן לענינשן וועג. ער האָט פאַרגעסן, אַז דער הויפּט=קויעך פון אונזער פאַרטיי איז ניט די יוגנט נאָר די פאַרהאַרטעוועטע אַרבעטער=קאָמוניסטן און זיי גיבן דעם טאָן אין דער פאַרטיי. ער האָט ניט געוואָלט זען, אַז צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט (באַזונדערס אין יענע יאָרן) זיינען געווען זייער אַסאַך, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער סוויווע און האָבן זיך קלאָל ניט אויסגעצייכנט מיט פאַרטייאישער שטאַנדהאַפטיקייט. דאָס אַנטקעגנשטעלן נופע די יוגנט קעגן די אַלטע איז געווען פאָשעט אַ דעמאַגאָגישער שפּיצל.

די יוגנט ציען מיר צו צו אַקטיווער אַרבעט (דערין אויך אינם צ"ק און אין דער צק"ק), אָבער מיר כאַנפענען זי ניט און ווייזן אָן אַף אירע פעלערן. די אָנפירונג אין דער פאַרטיי דאַרף זיך אָבער געפינען ניט באַ איר, נאָר באַ די מער געניטערע כאַווירים. די אָנפירנדיקע פאַרטיי=קאַדרען דערציען זיך דורך לאַנגע יאָרן דערפאַרונג און קאַמף.

די אָפּאָזיציע האָט באַוויזן, אַז זי רעכנט זיך ניט מיט דער פאַרטיי=דיסציפּלין און ברעכט די באַשטימונג, וואָס פאַרווערט צו שאַפן פראַקציעס. זי האָט גענומען אַנטוויקלען דעם קוק, אַז די פאַרטיי איז עפּעס אַ סומע פון פאַרשיידענע גרופּעס און שטרעמונגען. זי האָט געפאָדערט „גלייכבאַרעכטיקונג" פאַר דידאָזיקע אַלע גרופּעס. דער צ"ק איז באַ איר פאַרוואַנדלט געוואָרן ניט אין אַ פאַרטיי=אָנפירער, נאָר אין עפּעס אַ פאַרמיטלער צווישן פאַרשיידענע פראַקציעס. דאָס אַלץ איז געווען דערווידער די באָלשעוויסטישע אָנשויאונגען אַף דער פאַרטיי=אָרגאַניזאַציע.

די אָפּאָזיציע האָט זיך געפּרואווט אַריבערוואַרפן איר קאַמף אויך אינם קאָמינטערן און אונטערשטיצן דאָרט די ליניע קעגן דעם צ"ק.

די 13=טע פאַרטיי=קאָנפערענץ האָט פאַרענדיקט די דיסקוסיע מיט שאַרף פאַרורטיילן די פעלערן פון דער אָפּאָזיציע. די קאָנפערענץ האָט אָנגעוויזן, אַז די אָפּאָזיציע דריקט אויס די שטימונג פון די ניט פּראָלעטאַרישע שיכטן פון לאַנד, דעם איינפלוס אַף דער פאַרטיי מיצאַד דעם קליינבירגערטום.

דער 13=טער צוזאַמענפאָר האָט איינשטימיק באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ. דער 5=טער קאָנגרעס פונם קאָמינטערן האָט באַווילִיקט דידאָזיקע באַשלוסן.

עס איז קיין יאָר נים אַוועק נאָך דערדראָזיקער דיסקוסיע, ווי טראָצקי האָט ווידער אָנגעהויבן אַן אַטאַקע קעגן דעם באָלשעוויזם. דאָס מאָל האָט ער זיך פּאַרטיפּט אין דער געשיכטע פון דער פּאַרטיי און האָט זיך גענומען דערלערנען „וואָס לערנט אונז אָקטיאָבער“. פּאַרקריפּלענדיק אַף אַ גראָבן אויפן די געשיכטע פון יענער צייט און די פּאַרגאַנגענהייט פון אונזער פּאַרטיי, האָט ער זיך געפּרואווט איבערכאַזערן זיינע אַנומאַ-טיקע אָנפאַלן אַפן באָלשעוויזם.

אָפּוואַרפנדיק אינגאַנצן די לאַנגע פּראַקטיאַבערישע געשיכטע פון אונזער פּאַרטיי, האָט טראָצקי געשטרעבט צו דערווייזן, אַז אין אָקטיאַבער האָט דער באָלשעוויזם געזיגט, ווייל ער האָט געענדערט זיינע אָנשויאונגען אינם גייסט פונם טראָצקיזם. ער האָט דער-קלערט, אַז זיין טעאָריע פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע (וואָס וועגן איר האָבן מיר אויבן גערעדט) האָט זיך אינגאַנצן באַרעכטיקט. ער האָט געפּרואווט דערווייזן, אַז נים ער, טראָצקי, איז געקומען צום לעניניזם, נאָר די אָנהענגער פונם לעניניזם האָבן זיך אָפּגע-זאָגט פון אַסאַך אָנשויאוגען זייערע און האָבן זיך דערנעענטערט צום טראָצקיזם.

איינצייטיק האָט טראָצקי נים אויפגעהערט צו דערווייזן, אַז דער אָנפירנדיקער טייל פונם צ"ק איז נים שטאַנדהאַפטיק, אַז דער צ"ק איז געווען קעגן לענינען און קעגן דעם אָקטיאַבער-אויפשטאַנד, אַז אויך אינם קאָמינטערן מאַכט ער גראָבע טאָעסן א. א. וו. דידאָזיקע נייע אַרויסטרעטונג טראָצקים האָט געצוואונגען צו שטעלן די פראַגע וועגן טראָצקים גאַנצער פּאַלשער לערע. עס איז געווען קלאָר, אַז טראָצקי וויל פּ אַ ר ב ײ ט ן דעם ל ע נ י נ י ז ם מ י ט ן ט ר אָ צ ק י ז ם. די פּאַרטיי האָט פאַריכט טראָצקים אַלע פּאַלשע מיטיילונגען וועגן דעם גאַנג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און האָט געגעבן אַן אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק פונם טראָצקיזם, אַלס אַ ק ל ײ נ ב י ר ג ע ר ל ע-כ ע לערע.

דריי גרונט-אייגנטימלעכקייטן פונם טראָצקיזם שטעלן אים אין אַ שאַרפן ווידער-שפּרוך מיטן לעניניזם.

1) דער טראָצקיזם שטיצט זיך אַף דער טעאָריע פון פּ ע ר מ אַ נ ע נ ט ע ר ר ע-וו אָ ל ו צ י ע. און דידאָזיקע טעאָריע באַטייט נימגלויבן אינם בונד פונם פּראָלעטאַריאַט און דעם נימפאַרמעגלעכן פּויערטום. זי רעכנט נים דאָס מיטל-פּויערטום פאַר אַ פּאַר-בינדעטן פונם פּראָלעטאַריאַט און האַלט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט נים קאָנען און נים זיין בעקויעך צו פירן נאָך זיך דאָס פּויערטום. דעריבער פּאַרשטייט טראָצקי אויך די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט נים באָלשעוויסטיש.

2) דער טראָצקיזם האָט נים פּאַרשטאַנען דעם טאָך פון דער ב אָ ל ש ע וו י ס ט י-ש ע ר פּ אַ ר ט ײ א י ש ק ײ ט, איר פיינטלעכקייט צו די פּשאָרעמאַכערישע, מענשע-וויסטישע עלעמענטן. טראָצקי איז שטענדיק געשטאַנען פאַר אַ פּאַרייניקונג מיט קאָ-לערליי אָפּאָרטוניסטן, פּאַר אַ פּאַרייניקונג פון אַלע פראַקציעס. ער האָט דערווידערט קעגן דער שטרענגער דיסציפּלין, קעגן דעם אָרגאַנזיאַציאָנעלן צענטראַליזם א. א. וו.

3) דער טראָצקיזם באַטייט אומצוטרוי צו די פירער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך טראָצקי געסטאַרעט וואַרפן אַ פלעק, צוערשט אַף

לעניגעז, דערנאָך אַף אַנדערע פּאַרטיי־פּירער. ער האָט זיך געסטאַרעט צו דערווייזן, אַז דער גאַנצער אָנפירנדיקער פּאַרטיי־באַשטאַנד זיינען ביוראָקראַטן, „אַפּאַראַטשיקעס“ און אַזוי ווייטער.

שוין דידאָזיקע דריי גרונט־אייגנטימלעכקייטן פונם טראָצקיזם גייען אומפּאַרטייד־לער קעגן די סאַמע יעסוידעס פונם לעניניזם.

אין זיינע אַרויסטרעטונגען אין 1923—1924 יאָרן האָט ער פונסניי אויפגעדעקט זיין גאַנצן מענשעוויסטישן מעהוס, זיין גאַנצע פיינטלעכקייט צום עכטן לעניניזם. די קריטיק פון די באָלשעוויסטישע פּאָזיציעס איז בא אים רעגולירט געוואָרן מיטן פּרואוו צו פאַרבייטן דעם לעניניזם מיטן מענשעוויזם. ווייטער האָט זיך דערדאָזיקער מענשעוויזם גענומען אַרויסווייזן מיט אַלץ אַ גרעסערער שאַרפקייט.

# 4. דער קאַמף קעגן אַפּאָרטוניזם בעאַיס דעם 14-טן צוזאַמענפאָר

## ערעוו דעם צוזאַמענפאַר

קאַמענעוו איז עטלעכע מאָל זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט לעניגען און דער פּאַרטיי אין גרויסע פראַגן: ווענן באַיקאָטירן די מעלוכע־דומע (אין 1907 יאָר), ווענן דער אָפּשאַצונג פון דער רעוואָלוציע (אַפּריל־קאָנפערענץ פון 1917 יאָר), ווענן אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד (פּאַר אָקטיאַבר). זינאָוויעוו איז אויך געווען קעגן לעניגען אין דעמדאָזיקן לעצטן פאַל.

אינם פעריאָד פון דער דיסקוסיע מיט טראָצקין (1924 יאָר) האָבן זינאָוויעוו און קאַמעניעוו פאָרגעלייגט אויסצושליסן טראָצקין פון דער פּאָליטביוראָ, און דער לענינגראַדער קאָמיטעט האָט פאָרגעלייגט אויסצושליסן אים אויך פון דער פּאַרטיי. די מערהייט צ״ק איז דערמיט ניט מאַסקים געווען. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסבאַווייזן אויך אַנדערע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. דער צ״ק האָט ניט געקאָנט אָנערקענען פאַר ריכטיק אויך דאָס, וואָס דער לענינגראַדער גובקאָם פּרואווט זיך שפּילן די ראָלע פון אַ צווייטן צ״ק — ער האָט געוואָלט, לעמאָשל, צונויפרופן שיר ניט קיין אַלפאַרבאַנדישע קאָמיונישע קאָנפערענץ (אָן דעם וויסן און דער האַסקאָמע פונם צ״ק פונם קאָמיונ), שאַפן אַן אייגענעם אָרגאַן, „באָלשעוויק“ (אַלס קעגנגעוויכט צום אָרגאַן פונם צ״ק אין מאָסקווע).

איינצלנע מיטגלידער פון דער לענינגראַדער אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט שאַרפע באַשולדיקונגען קעגן דער מערהייט פונם צ״ק און קעגן זיינע אָנפירנדיקע כאַווייריִם (לעמאָשל, קעגן בוכאַרינען). אַזוי האָט זאַלוצקי דערקלערט, אַז דער צ״ק פון דער פּאַרטיי לעבט איבער דעם „טערמידאָר“, ד. ה. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין פונקט אַזאַ קליינבירגערלעכע און קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע מאַכט, ווי די מעלוכע־מאַכט אין פראַנקרייך נאָכדעם, ווי די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן האָבן דאָרט געליטן אַ מאַפּאָלע. (בעאַיס דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע).

ערעוו דעם 14-טן צוזאַמענפאָר האָט די לענינגראַדער קאָנפערענץ, אויסדריקנדיק

קלוימערשט אין דער רעזאָלוציע אונטערשטיצונג דעם צ"ק, זיך געסטאַרעט אַרויסרוקן קעגן אים עטלעכע שווערע באַשולדיקונגען.

## די בעלוקעדייעס אַפן צוזאַמענפאָר

פונם ערשטן טאָג אָן פונם צוזאַמענפאָר (אין דעקאַבער 1925 יאָר) איז געוואָרן קלאָר, אַז די לענינגראַדער דעלעגאַציע מיט זינאָוויעוון און קאַמעניעוון בעראָש האָט באַשלאָסן אַנטקעגנשטעלן זיך טאַי דעם צ"ק, טאַי דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר. זי האָט געפאָדערט, אַז צוגלייך מיט די פּאָרטראַגן פונם גענעראַל-סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי וועגן דער טעטיקייט פונם צ"ק זאָל אויך דערלאָזט ווערן זינאָוויעווס קאָרעפעראַט. דאָס האָט באַטייט אַרויסרוקן אַ באַזונדער ליניע — קעגן דער פּאַרטיי-ליניע.

אינם פאַרלויף פונם גאַנצן צוזאַמענפאָר האָבן די לענינגראַדער געפירט אַ קאַמף קעגן דער איבערוועגנדיקער מערהייט פונם צוזאַמענפאָר. מיטן אויסנאַם פון דערדאָזיקער גרופּע פון 60 מאַן — איז די איבערוועגנדיקע מערהייט פונם צוזאַמענפאָר — 560 מאַן — געשטאַנען פאַרן צ"ק, פאַר דער פּאַרטיי.

מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז טראָצקי האָט ניט גענומען קיין שום אָנטייל אין דעמדאָזיקן קאַמף, ער האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, ער האָט „מאַנעווּרירט", אויסרעכנדיק, אַז אים איז ווי צוגעטראָפן דער אָנפאַל פון זינאָוויעוון און אַנדערע אַפן צ"ק, און אַז דערפון וועט ער אויך קאָנען באַקומען פאַר זיך אַ נוץ.

אין וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט די פעלערן פון דער נייער אָפּאָזיציע אין דעמדאָזיקן מאָמענט.

זי האָט אַרויסבאַוויזן אַ ניטגלויבן אין דער מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין סססר. דערמיט האָט זי אַרונטערגעריסן איינע פון די גרונט-האַנאָכעס פונם לעניניזם.

זי האָט ניט אַנערקענט, אַז אונזערע פאַבריקן און זאַוואָדן זיינען שוין עלעמענטן פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג און זי האָט זיי געהאַלטן פאַר אַ פאָרם פונם „מעלוכע-קאַפּיטאַליזם".

זי האָט אַרויסגעשטעלט אַ באַשולדיקונג, אַז אונזער פּאַרטיי און איר צ"ק ווערן „איבערגעבוירן", לעבן איבער זייער „טערמידאָר".

מעגאַזעם זייענדיק די באַלעגופישע געפאַר, האָט זי ניט פאַרשטאַנען דעם טעהום פון אונזער פּאָליטיק אין דאָרף און די וויכטיקייט פונם בונד מיטן מיטלפּויער.

זי האָט געהאַלטן, אַז דער נעפּ איז בלויז אַ צוריקמאַרש און האָט ניט געזען די גרונט-אייגנטימלעכקייטן און קאָמפּליצירטקייט פון דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

זי האָט אויך פאָרגעלייגט מאַסמיטלען אַפ קאָמפּלעקטירן די פּאַרטיי (טאַרקים), וואָס וואָלטן בלויז געבראַכט דערצו, אַז די פאָרגעשריטענע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט וואָלטן באַטל געוואָרן אין דער ווייניק-צוגעגרייטער מאַסע.

זי האָט געפירט אַ ניטדערלאָזבאַרע פראַקציאָנעלע פּאָליטיק קעגן דעם צ"ק און האָט זיך געפּרוּווט מאַכן די לענינגראַדער אָרגאַניזאַציע אַלס אָנשפּאַר פון דעמדאָזיקן פראַקציאָנעלן קאַמף.

דער צוזאַמענפאָר האָט זייער אַבדעסדיק פאַרורטיילט דידאָזיקע אַלע פעלערן.

## די אָרגאַניזירונג פונם אָפּאָזיציאָנעלן בלאָק

אָבער דידאָזיקע פּאַרטיי־באַשלוסן האָבן ניט אָפּגעהאַלטן די אָפּאָזיציע. זי האָט גענומען פירן אַ דעזאָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט אינם צ"ק, אין דער פּאָליטביוראָ, אין דער פּאַרטיי. אייניצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַ דערנעענטערונג פון דער נייער אָפּאָזיציע מיט טראָצקין, וואָס האָט זיך נאָכדעם פּאַרענדיקט מיט זייער פאָרמעלן בלאָק (בונד). זינאָוויעוו און קאַמענעוו, וואָס האָבן מיט אַ יאָר צוריק געפאָדערט אויסצושליסן טראָצ־קין פון דער פּאָליטביוראָ און וואָס האָבן אים באַשולדיקט אין מענשעוויזם, זיינען איצט אַוועק אַף אַ פעסטן בונד מיט אים. שוין דאָס אַליין האָט באַוויזן דעם אָפּאָרטוניזם סאַי פון דער נייער אָפּאָזיציע, סאַי פון טראָצקין.

אין יולי 1926 יאָר איז דער בלאָק שוין געווען צונויפגעקלאַפּט און טראָצקי האָט גע־נומען ארויסטרעטן אינייִנעם מיט זינאָוויעוון און קאַמענעוון. דעמאָלט האָבן זיי געגעבן איינער דעם אַנדערן אַ קעגנזייטיקע אַמניסטיע (באַגנעדיקונג). זינאָוויעוו האָט דער־קלערט, אַז טראָצקי האָט אין 1923 יאָר ריכטיק געוואָרנט וועגן די געפאַרן, וואָס דראָען דער פּאַרטיי (לעמאָשל פונם „אַפּאַראַט"), און טראָצקי האָט דערקלערט אַלס זיין „גראָבסטן פעלער" דאָס, וואָס ער האָט באַשולדיקט קאַמענעוון און זינאָוויעוון (אינם „וואָס לערנט אונז אָקטיאַבער") אין אַ רעכטן אָפּנויג.

שליסנדיק דעם בונד, האָט די אָפּאָזיציע זיך געפּרואווט צו ווענדן זיך דירעקט צו דער פּאַרטיי־מאַסע. זי האָט גענומען אָרגאַניזירן אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען (לעמאָשל, דער מיטגליד פונם צ"ק לאַשעוויטש איז ארויסגעטראָטן אַף אַזאַ אונטערערדישער פאַרזאַמלונג אין וואַלד). די אָפענע ארויסטרעטונגען פון דער אָפּאָזיציע (אין האַרבסט 1926 יאָר) אין מאָסקווער און לענינגראַדער זאַוואָדן האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ סקאַנ־דאַליעזן דורכפאַל — די אַרבעטער־מאַסע איז ניט אַוועק נאָך איר און האָט אַנטשיידן פאַרורטיילט איר צעשפּאַלטונגס־אַרבעט.

וועלנדיק דעמאָלט, ערעוו דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס איז אַריבערגעטראָגן גע־וואָרן אַפן סאָף אָקטיאַבער, פאַרשטאַרקן אַביסל איר לאַגע, האָט די אָפּאָזיציע דערלאַנגט אַ מעלדונג (דעם 16 אָקטיאַבער), אַז זי זאָגט זיך אָפּ פונם פראַקציאָנעלן קאַמף, פאַרור־טיילט אייניקע אָפּנויגן, לעמאָשל, די „אַרבעטער־אָפּאָזיציע" א. א. וו. דידאָזיקע האָפּ־מאָכע איז געווען ניט מער, ווי אַ שטיקל פּאַפּיר. אין דער ווירקלעכקייט האָט די אָפּאָ־זיציע נאָרניט געטראַכט אָפּצוזאָגן זיך פון איר פראַקציאָנעלער אַרבעט.

## די פּאַרטיי וועגן דעם בלאָק

איינער פון די צענטראַלע פאַרטראָגן פון דער 15־טער קאָנפערענץ (אָקטיאַבער 1926 יאָר) איז געווען סטאַלינס פאַרטראַג וועגן דער אָפּאָזיציע. דער איינהייטלעכער באַשלוס פון דער קאָנפערענץ האָט פאַרורטיילט די אָפּאָזיציע אַלס אויסדרוק פון סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישן אָפּנויג אין דער פּאַרטיי.

די גרונט־כעלוקעדייעס פון דער פּאַרטיי מיטן אָפּאָזיציאָנעלן בלאָק קאָן מע כאַראַק־טעריזירן אַזוי:

1) די פּאַרטיי האַלט, אַז אונדזער רעוואָלוציע איז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע,

וואָס גיט אַ שטויס דער סאָציאַליסטישער וועלט=רעוואָלוציע. די עקזיסטענץ פונם פסס"ר גיט אַ יעסאָד, אַז אָנשפאַר פאַר די ווייטערדיקע ערפאָלגן פון דער וועלט=רעוואָלוציע. אין אונזער פאַרבאַנד וועלן מיר מיט ערפאָלג בויען אַ פולקאָמע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אויב מיר וועלן איינשטעלן ריכטיקע באַציאונגען מיטן פויערטום און די מאַכט פונם פראָלעטאַריאַט (פון אונזערן און פונם וועלט=פּראָלעטאַריאַט) וועט אונז באַשיצן פון אַ מיליטערישע אינטערווענץ. מיר שטיצן זיך אין דעמדאָזיקן פאַל אַף דער לערע פון לענינען, וואָס האָט געזאָגט: אַז „עס איז מעגלעך דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם צוערשט און וויניקע, אַפילע אין איין באַזונדער גענומען קאַפיטאַליסטישן לאַנד, אַז אינם ראַטנפאַרבאַנד איז פאַראַן אַלץ, וואָס איז נויטיק און גענוג אַף אויסצובויען אַ פולקאָמע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט".

דער טראָצקיזם האַלט ניט אונזער רעוואָלוציע, אַין טאָך גענומען, אַלס סאָציאַליסטישע. ער באַשטרייט לענינס מיינונג, אַז עס איז מעגלעך אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד. ער האַלט, אַז בלויז דער ניצאָכן פונם פראָלעטאַריאַט אין די הויפּטלענדער קאָן זיכערן די סאָציאַליסטישע בויאונג, אַז אָן דעמדאָזיקן ניצאָכן וועט אונזער פראָלעטאַריאַט אומפאַרמיידלעך קומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער מאַסע פויערטום.

2) אינם צווישנפעלקערלעכן געביט, פאַלט די אָפּאָזיציע אַריין אין פאַרצווייפלונג פון דעם, וואָס די וועלט=רעוואָלוציע פאַרציט זיך. די אָפּאָזיציע קייקלט זיך אַראָפּ אַפן וועג פון אַוואַנטיוריזם און פון קליינגעגדיקע פראַזן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי נויטיק עס איז צו קעמפן פאַר די מאַסן. זי האָט אָפּגעלייקנט יעטווידע סטאַביליזאַציע פון קאַפיטאַליזם. זי האָט פאָרגעלייגט צו פאַרבייטן די ענגלישע פראָפאַריינען מיט עפּעס נייע „רעוואָלוציאָנערע" אָרגאַניזאַציעס. *איינציייטיק אָבער האָט זי אונטערגעשטיצט אינם אינטערנאַציאָנאַל אַלע רעכטע גרופּירונגען.*

3) מיקויעך דער פראַגע וועגן דעם פויערטום האַלט די פאַרטיי, אַז „דער העכסטער פרינציפ פון דיקטאַטור *איז אייגהיטן דעם בונד פונם פראָלעטאַריאַט מיטן פויערטום*, קעדיי דער פראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען איינהאַלטן די אָנפירנדיקע ראָלע און די מעלוכע=מאַכט" (לענינס ווערטער). דער פראָלעטאַריאַט איז דער אָנפירער פונם פויערטום. די אינדוסטריאַליזאַציע פונם לאַנד דאַרף זיך אָנשפאַרן אויך אַף דער פאַרבעסערונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע פון דער מאַסע פויערטום. מיר דאַרפן פאַרשטאַרקן דעם צוזאַמענשלוס פון אונזער אינדוסטריע מיט דער פויערשערווירטשאַפט און אַזוי אַרום פאַרשטאַרקן אויך דעם בונד פונם פראָלעטאַריאַט מיט דער גרונטמאַסע פויערטום.

דער אָפּאָזיציאָנעלער בלאָק האָט באַטראַכט דאָס פויערטום הויפּטזאַכלעך אַלס פיינטלעכע קראַפט און גלויבט ניט אין דער אָנפירונג פונם פראָלעטאַריאַט. ער לייגט פאָר אַזוינע מאָסמיטלען, וואָס קאָנען בלויז צעשטערן דעם בונד פונם פראָלעטאַריאַט און פון פויערטום און דערמיט אומברענגען די דיקטאַטור, לעמאָשל, אויפהויבן די פרייזן אַף די אינדוסטריעלע סכוירעס, שטייערן=דרוק אַפן דאָרף א. א. וו.

4) די פאַרטיי האַלט, אַז דער פאַרטיי=אַפּאַראַט און די פאַרטיי=מאַסן בילדן *איין גאַנצע*, אַז דער פאַרטיי=אַפּאַראַט שליסט איין די בעסטע מענטשן פונם פראָלעטאַריאַט.

דער אָפּאָזיציאָנעלער בלאָק, פּאַרקערט, שטעלט אַנטקעגן די פּאַרטיי־מאַסן איר אַפּאַראַט, רייצט אָן די מאַסן אַפּן אַפּאַראַט און פּרואווט זיך אים אָפּשוואַכן. דערמיט גופא רייסט ער אַרונטער די שטאַרקייט פון דער פּאַרטיי און איר אָנפירונג מיט דער מעלוכע.

5) די פּאַרטיי שטיצט זיך אַף לענינס ווערטער: „ווער עס שוואַכט אָפּ אַפילע אַף וויפל ניט איז די אייזערנע דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט (באַזונדערס בעאיים זיין דיקטאַטור), דער העלפט פּאַקטיש דער בורזשואַזיע קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט“. די אינערלעך־פּאַרטייאישע דעמאָקראַטיע איז נויטיק ניט אַף צעשטערן די פּאַרטיי, נאָר אַף צו פאַרשטאַרקן זי.

די אָפּאָזיציע, פּאַרקערט, פּרוידיקט די פרייהייט פון גרופּירונגען און פּאַלט אָן אַפן „רעזשים“ (ד. ה. אין ערשטער ריי אַף דער דיסציפּלין) פון דער פּאַרטיי. דערמיט גופא רייסט זי אַרונטער די פּאַרטיי־איינהייט, שוואַכט אָפּ די דיקטאַטור און מונטערט אויף אַלערליי בורזשואַזנע גרופּעס צו קעמפן קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט. אַלס איינעם פון די מיטלען אַרונטערצורייסן די פּאַרטיי־איינהייט האָט די אָפּאָזיציע אויסגעוויילט די דיסקוסיע, וואָס זי האָט באַשלאָסן אָנצובינדן דער פּאַרטיי קעגן איר ווילן.

6) עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די אָפּאָזיציע האָט גענומען צווייפלען אינם סאַמע מעהוס פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. טראָצקי האָט דערקלערט, אַז אונזער מעלוכע איז „גיט אינגאַנצן קיין פּראָלעטאַרישע“. נאָך מער אָפּגהערציק האָט זיך אַרויסגעזאָגט אָסאָווסקי (וואָס טראָצקי האָט אים גענומען אונטער זיין שוץ). ער האָט געטאַינעט, אַז די אַלק״פּ פּאַרטיידיקט ניט בלויז די אינטערעסן פון די אַרבעטער, נאָר אויך די אינטערעסן פון אַנדערע קלאַסן, דערין אויך פון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמער. ער האָט דעריבער געהאַלטן, אַז עס איז נויטיק צו דערלאָזן די עקזיסטענץ אויך פון אַנדערע פּאַרטייען, כוץ דער אַלק״פּ, און געבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן זיך די פאַרשיידענע שאַטירונגען אין דער פּאַרטיי. אַזוי אַרום איז אָסאָווסקי אָפּגעגאַנגען פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט צום בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם. ער האָט פאַרגעסן אַף אַ ריין מענשעוויסטישן אויפן איבערצומאַכן די ראַטן־מעלוכע. דערלאָזן די עקזיסטענץ פון אַנדערע פּאַרטייען האָט געקאָנט באַדייטן בלויז איינס — דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין דיקטאַטור, מע זאָל זיך אַראָפּקייקלען צום בורזשואַזן פּאַרלאַמענטאַריזם. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די אָפּאָזיציע האָט אים פּאַרטיידיקט, האָט מען אָסאָווסקין אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי.

די 15־טע קאָנפערענץ האָט אַנערקענט, אַז דער אָפּאָזיציאָנעלער בלאָק איז אַוועק פון דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־פּאָזיציע אין אַ ריי גרונט־פראַגן און האָט זיך צענויפגעשלאָסן מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, מיטן מענשעוויזם.

דער 7־טער פאַרברייטערטער פּלענום פונם אויספירקאָם פונם קאָמינטערן (דעקאַבער 1926) האָט אַף אַן אויספירלעכסטן אויפן באַהאַנדלט די אָנשויאונגען און די אויפירונג פון דער אָפּאָזיציע און איז צוגעשטאַנען צו דער אָפּשאַצונג, וואָס איר האָט געגעבן אונזער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, און האָט אינגאַנצן באַשטעטיקט די רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ.

אין דערזעלבער צייט האָט דער פּלענום דערקלערט פאַר ניט ריכטיק די באַשולדיקונגען קעגן דער אַלק"פ (מיצאַד דער אָפּאָזיציע) אין „נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט" (ד. ה. אין דער שטרעבונג צו באַטראַכטן די פראַגן פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן קאַמף בלויז פונם שטאַנדפּונקט פון פּסס"ר). ער האָט פאַרורטיילט טראָצקיס דערקלערונגען, אַז אונזער מעלוכע איז קלוימערשט „ניט קיין ריין פּראָלעטאַרישע".

דער פּלענום האָט אויך פאַרורטיילט שליאַפּניקאָוו—מעדוועדיעווס גרופּע (די „אַרבעטער-אָפּאָזיציע"). דיזאָזיקע כאַווירים האָבן זיך דערעדט צו דעם, אַז מע דאַרף ליקווידירן דעם פּראָפינטערן, זיי האָבן דערקלערט, אַז דער קאָמינטערן באַשטייט ניט פון פּראָלעטאַרישע פאַרטייען, זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ פעלער דאָס, וואָס מיר קריטיקירן די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פירער, זיי האָבן פאָרגעלייגט אָפּצוגעבן אונזער גרויסע אינדוסטריע דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל, האָבן דערווידערט קעגן דער הילף, וואָס די מעלוכע גיט דער מיטלפּויערשער ווירטשאַפט, האָבן באַשטרייט לעניגס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן א. א. וו.

## 5. פון אַ פראַקציע ביז אַ צווייטער פּאַרטיי

### די אומלעגאַלע אַרבעט

אין איר מעלדונג פון 16 אָקטיאַבער (1926 יאָר) האָט די אָפּאָזיציע דערקלערט, אַז זי וואַרפט זיך אונטער אַלע באַשלוסן פונם 14-טן צוזאַמענפאָר, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פון די פראַקציאָנעלע מעטאָדן און רופט די פראַקציאָנעלע גרופּירונגען, זיי זאָלן זיך אַליין פאַנאַנדערלאָזן. אָבער דערביי האָט זי צוגעגעבן, אַז זי בלייבט בײַ אירע פריערדיקע אָנשויאונגען. אַף דער קאָנפערענץ האָט זינאָוויעוו דערקלערט, אַז דערין איז ניטאָ קיין שום פּניע פאַר אַ נייער דיסקוסיע און אַז דאָס איז ניט קיין שום מאַנעוור.

שוין נאָכדעם איז געוואָרן באַוואוסט, אַז די אָפּאָזיציע האָט באַשלאָסן צו פאַרקאָנספּירירן זיך אַף אַ צייט, אַוועקגיין אין אונטערערד, אָבער איינהיטן אירע קאַדרען. אינגיכן איז איר פראַקציאָנעלע אַרבעט באַנייט געוואָרן מיט אַ נייער קראַפט.

זינאָוויעוו איז אַרויסגעטראָטן אַף אַ פאַרזאַמלונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן יוביליי פון דער „פּראַוודאַ" וואו עס זיינען געווען אומפּאַרטייאישע, מיט אַ רעדע קעגן דער פּאַרטיי.

בעשאַם סמילגאַ איז אָפּגעפאָרן פון מאָסקווע. האָט די אָפּאָזיציע אָרגאַניזירט אַפן וואָקזאַל אַ דעמאָנסטראַציע מיטן אָנטייל פון אומפּאַרטייאישע, וואָס איז געווען געצילט קעגן דעם צ"ק.

אין דער זעלבער צייט האָט די אָפּאָזיציע צונויפגעשטעלט אַ מעלדונג אין פּאָליטביוראָ (די „מעלדונג פון די 83") און האָט גענומען צונויפקלייבן אונטערשריפטן אין דער גאַנצער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אַ בעפיירעשע מאָביליזאַציע פון די פראַקציאָנעלע קרעפטן. אָבער דער אָפּאָזיציע האָט זיך איינגעגעבן צונויפקלייבן בלויז בײַ אָנדערהאַלבן טויזנט אונטערשריפטן. דאָס האָט באַוויזן, ווי די פּאַרטיי איז גלייכגילטיק צו די אָפּאָזיציאָנעלע לאָזונגען.



1502—18*



פ. ע. דזערזשינסקי (געבאָרן אין 1877 — געשטאָרבן אין 1926).

די אָפּאָזיציע האָט אַלץ ברייטער פאַנאַנדערגעוויקלט איר אונטערערדישע אַרבעט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּאָזיציאָנעלער צ״ק, גובערניאַלע צענטרען, אַ מאָסקווער קאָמיטעט, אַגיטפּראָפּן א. א. וו. דידאָזיקע אַרבעט האָט די אָפּאָזיציע קעסיידער צוזאַמען פאַרדעקט מיט באַל-טשוואָוועס-פּראַזן. אַלס ענטפער אַף דער דערקלערונג פון דער פּאַרטיי, אַז די אָפּאָזיציע בויט אַ צווייטע פּאַרטיי, האָבן די אָפּאָזיציאָנערן ווידעראַמאָל דערלאַנגט אינם צ״ק אַ מעלדונג (אין אַווגוסט 1927 יאָר), אַז זיי „פאַרורטיילן יעטווידער פּרוּאוו צו שאַפן אַ צווייטע פּאַרטיי, אַז זיי פאַרורטיילן די „צעשפּאַלטונג-פּאָליטיק“, אַז זיי „וועלן אויספילן אַלע באַשלוסן פון דער אַלק״פּ(ב) און פון איר צ״ק, אַז זיי זיינען „גרייט צו טאָן אַבסאָלוט אַלץ אַף צו פאַרניכטן אַלע פראַקציע-עלעמענטן“ און אַזוי ווייטער.

אין איינִיקע וואָכן אַרום האָט די פאַרייניקטע גען‌פּעאו („אָגפּעאו“) אויפגעדעקט אַן אומלעגאַלע דרוקעריי פון דער אָפּאָזיציע, וואָס אינם אָרגאַניזירן זי האָבן זיך באַטייליקט אויך אומפּאַרטייאישע.

אין דערזעלבער צייט שטעלט צונויף די אָפּאָזיציע איר פּראָגראַם („פּלאַטפאָרם“), וואָס זי שטעלט אַנטקעגן דער פּאַרטיי-פּראָגראַם און דרוקט זי אין אומלעגאַלע און (אַף אַ שווינדלערישן אויפן) אין לעגאַלע דרוקערייען און פאַרשפּרייט זי אומעטום.

די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון דער אָפּאָזיציע פאַרגרעסערן זיך, די אָפּאָזיציע אָרגאַניזירט אָפן איר אייגענע פּאַרטיי.

ווען דער אָקטיאַבער-פּלענום פון צ״ק און צק״ק (אין סאָף אָקטיאַבער 1927 יאָר) האָט זיך דערוואוסט, אַז טראָצקי און זינאָוויעוו האָבן אַ צווייטן מאָל אָפּגענאַרט די פּאַרטיי און זעצן פאָר די פראַקציאָנעלע אַרבעט אין דער שאַרפסטער פאָרם, האָט ער באַשלאָסן אויסצושליסן דידאָזיקע כאַוויירים פונם באַשטאַנד פונם צ״ק.

אָבער די אָפּאָזיציע האָט גאָרניט געהאַט בעדייע אָפּצושטעלן איר אַנטיפּאַרטייאישע טעטיקייט.

אַז זי האָט געליטן אַ מאַפּאָלע אין דער פּאַרטיי, האָט זי באַשלאָסן באַנוצן זיך מיט גאַסן-אַרויסטרעטונגען, ד. ה. אַריינציען אינם פּאַרטייאישן קאַמף די אומפּאַרטייאישע מאַסע. אינם טאָג פונם צעניאָריקן יובילעי פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע (7 נאָיאַבער) האָבן טראָצקי, זינאָוויעוו, סמילגא א. אַנד. זיך געפּרוּווט אַרויסטרעטן מיט רעדעס און לאָזונגען פאַר די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער-מאַסן — אָבער זיי זיינען אויסגעפייפט געוואָרן.

דיראָזיקע אַרויסטרעטונג איז שוין געווען אַ דירעקטער טריט צו קאָנטר-רעוואָלוציע און בירגער-קריג. זי האָט דירעקט געקלאַפּט די דיקטאַטור, די ראַטנמאַכט. דער צ"ק האָט דעמאָלט באַשלאָסן אויסצושליסן פון דער פּאַרטיי די אָפּאָזיציאָנערן, וואָס טרעטן אַרויס אַף אומפּאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען קעגן דער פּאַרטיי; אַלע אומלעגאַלע פאַר-זאַמלונגען פון דער אָפּאָזיציע פאַנאַנדערלאָזן מיט דער הילף פון די קרעפטן פון די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס.

דעמאָלט זיינען אַפילע געוויסע מיטגלידער פון דער אָפּאָזיציע, ווען זיי האָבן דערזען, וואוהין די „פירער" האָבן זיי פאַרפירט, אַוועק פון איר און האָבן מיטגעטיילט דער פּאַרטיי וועגן דער אומלעגאַלער אַרבעט, וואָס די אָפּאָזיציע האָט געפירט.

פאַר דער פּאַרטיי איז אויפגעדעקט געוואָרן די גאַנצע צוגרייטונג צו שאַפן אַ צווייטע פּאַרטיי: די סיסטעם פון ווערבירן נייע מיטגלידער, די אָרגאַניזירונג פון זאַמלען מיט-גליד-אָפּצאָלן, דאָס צונויפרופן קאָנפערענצן, דאָס אָרגאַניזירן אייגענע אָרגאַנען (ביז אייגענע פלעגנומען פון צ"ק) א. א. וו.

דעמאָלט, שוין ערעוו דעם צוזאַמענפאָר, האָבן דער צ"ק און די צק"ק אָנגענומען נייע מאָסמיטלען קעגן דער אָפּאָזיציע. טראָצקי און זינאָוויעוו זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. די מיטגלידער פון צ"ק און צק"ק — אָפּאָזיציאָנערן (11 מאַן — קאַ-מעניעוו, ראַקאָווסקי, סמילגאַ, יעוודאָקימאָוו, א. אַנד.) זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דיראָזיקע העכסטע פּאַרטיי-אָרגאַנען און אַראָפּגענומען געוואָרן פון פאַראַנטוואָרט-לעכער אַרבעט.

אין פאַרלויף פון דער לעבהאַפטער פּאַרטיי-דיסקוסיע ערעוו דעם XV צוזאַמענפאָר האָט זיך די מיינונג פון דער פּאַרטיי אַרויסגעוויזן מיט אַן אַבסאָלוטער קלאָרקייט. באַ די פאָרטראַגן וועגן דער פלאַטפאָרם פון דער אָפּאָזיציע אַף די פּאַרטיי-קעמערלעך האָבן געשטימט פאַר דער פּאַרטיי און פאַרן צ"ק 724 טויזנט מאַן, פאַר דער אָפּאָזיציע 4 טויזנט. די אָפּאָזיציע איז שענדלעך דורכגעפאַלן.

דער צוזאַמענפאָר האָט ענדגילטיק אונטערגעצויגן די סאַכאַקלען פונם קאַמף פון דער אָפּאָזיציע קעגן דער פּאַרטיי.

## די אַנשויאונג-סיסטעם פון דער אָפּאָזיציע

ווען דער באָלשעוויזם האָט געקעמפט מיט די מענשעוויקעס און מיט די טראָצקיסטן אינם פעריאָד פון דער ערשטער רעוואָלוציע, איז איינע פון די ראַדיקאַלע מיינונגס-פאַר-שיידנהייטן (ווי עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אין איינעם פון די פאָריקע קאַפּיטלעך) געווען די פראַגע וועגן די קענגזייטיקע פאַרהעלטעגישן פונם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

נאָכן ניצאָכן פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע איז דיזעלבע פראַגע פאַרבליבן אין גרונט גענומען אַלס פראַגע פון דיקטאַטור. לענין האָט געשריבן:

„10—20 יאָר ריכטיקע פאַרהעלטענישן מיטן פויערטום, און עס איז באַוואָרנט דער ניצאָכן אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב, אויב די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, וואָס וואַקסן, וועלן זיך אַפילע פאַרציען".

דידאָזיקע ריכטיקע פּאַרהעלטענישן דאַרפן, ווי באַוואוסט, באַשטיין אין דעם, וואָס שטיצנדיק זיך, אין דער ערשטער ריי, אָף די ה אַ ל ב פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע, אָרעמ־פּויערשע שיכטן פון דאָרף, שאַפט די פּאַרטיי אַ פעסטן בונד מיט דער גרונט־מאַסע פּויערים, מיטן מ י ט ל פּ ו י ע ר.

די אָפּאָזיציע פון אַלע שאַטירונגען האָט גראָד אין דערדאָזיקער פראַגע שאַרף איינ־גערינ מיטן לעניניזם. ג. אי. סמירנאָוו האָט ביכלאַל פאַרגעלייגט מאַקריוו צו זיין דעם בונד מיטן מיטלפּויער. פּרעאָבראַזשענסקי האָט באַטראַכט דאָס דאָרף ווי אַ „קאָלאָניע“, וואָס אָף איר עקספּלואַטאַציע וועט געבויט די אינדוסטריע. וו. סמירנאָוו, סמילגא א. אַנד. האָבן פאָרגעלייגט אויפצוהויבן די פּרייזן אָף די אינדוסטריעלע סכוירעס, ד. ה. אין דער ווירקלעכקייט אַרויספּאָמפּען וואָס מער געלט פון דאָרף. די אָפּאָזיציע האָט פּאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון איבער־אינדוסטריאַליזאַציע, וואָס האָט אויך באַטייט פאַר־שטאַרקן דעם דרוק אָפן פּויערטום.

מיט איין וואָרט, די אָפּאָזיציע (סאַי די מענשעוויקעס און טראָצקיסטן און סאַי די לינקע קאָמוניסטן אין די פריערדיקע עטאַפּן פון אונזער קאַמף) האָט זיך ניט גערעכנט מיטן פּויערטום, האָט געשטויסן דעם פּראָלעטאַריאַט אָף אַן איינרייס מיטן מיטלפּויער.

פון דעמדאָזיקן גרונט־פעלער האָבן זיך לאָגיש גענומען אַ ריי אַנדערע. — קוידעמ־כאָל די ניטריכטיקע עקאָנאָמישע מאָסמיטלען, וואָס די אָפּאָזיציע האָט רעקאָמענדירט.

אָף וויפל די אָפּאָזיציע האָט געהאַלטן, אַז די מערהייט פון דער פּאַרטיי „טראָגט זיך צו פיל אַרום מיטן מיטלפּויער“, איז זי גענאַנגען אויך ווייטער און האָט באַהויפּטעט, אַז די פּאַרטיי רופט צו אַ בונד אויך מיטן באַלעגוף, אַז זי זעט ניט די באַלעגופּישע געפאַר א. אַנד. און צוזאַמען דערמיט איז געשאַפן געוואָרן די טעאָריע, אַז די פּאַרטיי האָט זיך איינגנטלעך אָנגעשטעקט מיט קליינבירגערלעכע (פּויערשע) אָנשויאונגען (מאַמעש אי־בערגעכאַזערט די באַשולדיקונגען פון די מענשעוויקעס און פון די לינקע קאָמוניסטן קעגן לענינען).

און ווי באַלד אַזוי, הייסט עס, אַז אונזער מעלוכע איז „ניט קיין ריין פּראָלעטאַרישע“, הייסט עס, אַז די פּאַרטיי ווערט איבערגעבוירן, אַז מיר לעבן איבער אַ טערמידאָר־טקופע, אַז דער צ״ק איז קאָנטר־רעוואָלוציאָנער (סאַפּראָנאָוו), אַז מע דאַרף בייטן די אָנפירונג, מע דאַרף שאַפן אַ ריין־אַרבעטער־פּאַרטיי און געבן עקזיסטענץ־רעכט אויך אַנדערע פּאַרטייען (אָסאָווסקי).

מיט איין וואָרט, די א ָ פּ אָ ז י צ י ע האָט געקלאַפּט אינם סאַמע מ ע ה ו ם פ ו ן ד ע ר ד י ק ט אַ ט ו ר פ ו נ ם פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט. זי האָט אַרויסגערוקט די אַלטע מענשעוויסטישע טעאָריע וועגן דער דערלאָזבאַרקייט פון פראַקציעס אין דער פּאַרטיי און האָט זיך ניט בלויז געפּרואווט אַראָפּוואַרפן דעם באָלשעוויסטישן צ״ק, נאָר זי האָט טאַקע פאָרגעלייגט די יעסוידעס פון איר נייער, קלוימערשט, ריין אַרבעטערשער פּאַרטיי.

צווייפלענדיק אינם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער ראַטנמעלוכע און אין דער ריכטיקער אָנפירונג מיט דער פּאַרטיי, האָט די אָפּאָזיציע נאַטירלעך אויך געצווייפלט אין דעם, אַז אונזערע קאָמאַנדיר־הויכן (די אינדוסטריע אין דער ערשטער ריי) טראָגן אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער.

און אָף וויפל זי האָט ניט געטרויט דעם בונד מיטן מיטלפּויער, האָט זי געמוזט

צווייפלען אויך אין דעם, צי איז בײַ אונדז מעגלעך אַ פאַנאַנדערגעוויקלטע סאָציאַליסטישע בויאונג. אַזוי איז באַגרינדעט און לאָגיש צונויפגעשטעלט געוואָרן די טעאָריע וועגן דער אוממעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

דערדאָזיקער גאַנצער סכום אָנשויאונגען האָט קיין שום שײַכעס ניט נעהאַט מיטן לעניניזם, דאָס איז געווען אַ ר ע וו י ז י ע פ ו נ ם ל ע נ י נ י ז ם, קעדיי אײַנפונדעווען אין דער פאַרטיי די אַלטע מענשעוויסטישע, סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אָנשויאונגען.

ניט אומזיסט האָט די אָפּאָזיציע באַגעגנט אַזאַ מיטגעפיל מיצאַד אַלע רענעגאַטן, וואָס מע האָט אַרויסגעטריבן פונעם קאָמינטערן און אַפילע מיצאַד דעם צווייטן סאָציאַל=דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער 2=טער אינטערנאַציאָנאַל האָט דאָך שטענדיק געטאַינעט, אַז די באָלשעוויסטישע אָנפירונג פירט דאָס לאַנד צום אונטערגאַנג, אַז קיין שום סאָציאַליזם איז בײַ אונדז ניטאָ, אַז פון אַן אַרבעטער=פאַרטיי זײַנען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פויערשע, בורזשואַזע פאַרטיי, אַז בײַ אונדז איז אַ פאַרטיי=דיקטאַטור איבערן אַרבעטער=קלאַס א. א. וו., א. א. וו:

די אָפּאָזיציע בײַ אונדז האָט אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, די אָנשויאונגען פונם 2=טן אינטערנאַציאָנאַל.

ערעוו דעם 15=טן צוזאַמענפאָר איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז די פאַרטיי האָט אַבסאָלוט פאַרורטיילט די אָפּאָזיציע. אויפן 15=טן צוזאַמענפאָר האָט די אָפּאָזיציע, אָנשטאָט צו דערקלערן אָפן אירע פעלערן, זיך אַוועקגעלאָזט אין דיפּלאָמאַטישע קונצן און אַרויסדרייעניש. ווידער אַמאָל האָבן זיך באַוויזן קאָלערליי פאַרזיכערונגען און האַפּטאָכעס ניט צו פירן קיין פראַקציאָנעלן קאַמף. דער צוזאַמענפאָר האָט פאַרצייכנט, אַז די בעלוקע=דייעס מיט דער אָפּאָזיציע זײַנען פאַרגאַנגען אַזוי טיף, אַז זיי האָבן אָנגערירט אויך די פּראָגראַם=פראַגן און קימאַט אַלע פראַגן פון דער טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע. די אָפּאָזיציע איז געוואָרן אַן אָפענער דורכגאַנג פאַר יעטווידער אַנטיפאַרטייאישער אַרבעט פון די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע עלעמענטן, זי האָט אָנגעהויבן אַ רעבילעסדיקע קאַמפּאַניע קעגן דער פאַרטיי. אַז זי האָט זיך פאַרבונדן מיט אַלע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען פונם קאָמינטערן, האָט נעשאַפן אַ צווייטע פאַרטיי א. א. וו.

אַף דער פאָדערונג פונם צוזאַמענפאָר אָפּזאָגן זיך פון אירע מענשעוויסטישע אָנשויאונגען האָט די אָפּאָזיציע געענטפערט מיט אַן אָפּזאָג. דעמאָלט האָט דער צוזאַמענפאָר באַשטעטיקט די ריכטיקייט פונם אויסשליסן טראָצקין און זינאָוויעוון פון דער פאַרטיי; האָט אויסגעשלאָסן פון דער פאַרטיי 75 טוער פון דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע (קאַמעניעוו, פּיאַטאַקאָוו, ראַדעקן, ראַקאָווסקין, יעוודאָקימאָוון א. אַנד.) און אויך סאַפּראָנאָוום גרופּע (23 מאַן) אַלס אויסגעשפּראָכנע אַנטירעוואָלוציאָנערע.

דידאָזיקע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּע סאַפּראָנאָווס, וו. סמירנאָווס א. אַנד. האָט ביכלאַל פאַרנומען די סאַמע רעכטסטע פּאָזיציע. זי האָט, לעמאָשל, באַהויפּטעט, אַז דער צ"ק איז „אַרויפגעטראָטן אויפן וועג פון מעלוכע=איבערקערעניש און פון פאַרטיי=ליקווידאַציע", ד. ה. „אויפן וועג פון קאָנטר=רעוואָלוציע".

דער XV צוזאַמענפאָר האָט געמאַכט אַ סאָף צום אָפּאָזיציאָנעלן בלאָק, ער האָט זיך אָנגעהויבן צעפאַלן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייפל פראַקציאָנערן=אינטעליגענטן, וואָס קעמפן קעגן דער פאַרטיי.

אַ טייל אָפּאָזיציאָנערן (הויפּטזאַכלעך אַרבעטער) האָט אנערקענט די פעלערן און אומגעקערט זיך אין פּאַרטיי. צווישן זיי זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, פּיאַטאַקאָוו; דער צווייטער טייל (טראָצקי, די סאַפּראָנאָווצעס) זיינען אַוועק נאָך ווייטער און זיך דערקייקלט צו קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען.

זיי האָבן ארויסגערוקט די לאָזונגען — קאַמף מיט דער סאָוועטן-מאַכט, זיי רופן „איינצורייסן מיט דער פּאַרטיי און מאָביליזירן דעם אַרבעטער-קלאַס קעגן דער פּאַרטיי“. זיי האָבן זיך אָפן אָנגעהויבן צו גרייטן צו אַ בירגער-קריג.

די סאָוועטן-רעגירונג האָט געמוזט אַרעסטירן און אַרויסשיקן די סאַמע אָנגעזעענע טראָצקיסטן און סאַפּראָנאָווצעס.

טראָצקי איז ארויסגעשיקט געוואָרן אין אויסלאַנד. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן אין בורזשואַזע צייטונגען פיינטלעכע אַרטיקלען קעגן דער פּאַרטיי און סאָוועטן-מאַכט. אין דידאָזיקע אַרטיקלען גלייכט ער צו די פּאַרטיי-צוזאַמענפאָרן צו זאַמלונגען פון טשינאָווניקעס און מעשאָרסים, ער האָט דערקלערט, אַז די פּאַרטיי-פּאָליטיק איז געווענדט קעגן דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און פירט צום ניצאָכן פונם קליינבירגערטום איבער דער וועלט-רעוואָלוציע. ג. פּ. או. איז לויט טראָצקיס מיינונג אַ „טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע“, וואָס שיקט אַרויס „אַרבעטער-פירער“. האַקלאַל, אַלץ האָט ער אויסגענוצט אַף צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד. קלאָר, אַז די בורזשואַזע פּרעסע באַגריסט טראָצקיס אַרטיקלען, די סאָציאַל-רעמאָקראַטן זאָרגן, מע זאָל אים אַריינלאָזן אין יענע לענדער, וואו ער קלייבט זיך פאָרן. טראָצקי פאַרענדיקט זיין קאַריער אין די רייען פון אונזערע אָפענע סאָנים.

טראָצקיס יערידע האָט צעלייגט די טראָצקיסטישע רייען. אַסאַך טראָצקיסטן האָבן אָנערקענט זייערע פעלערן פאַר דער פּאַרטיי (סמילגא, ראַדעק, פּרעאָבראַזשענסקי). עס זיינען אָבער נאָך פאַרבליבן אַזעלכע, וואָס פירן ווייטער אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. די פּאַרטיי הערט ניט אויף צו קעמפן מיטן טראָצקיזם און פּשאָרע-מאַכערישע באַציאונג צו אים.

## קאָנטראָל-פראַגן

1) וואָס פאַר אַ געפאַר פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט שטעלט מיט זיך פאָר די פרייהייט פון פראַקציעס און גרופּירונגען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?

2) אין וואָס זיינען באַשטאַנען די הויפּט-מיינונג-פאַרשיידנהייטן צווישן דער פּאַרטיי מיט די „לינקע קאָמוניסטן“ און מיט טראָצקין אינם פּעריאָד פון בריסקער שאָלעם?

3) פאַרוואָס מוזן אַלע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען און אָפּנייגלער קעמפן דאַפקע קעגן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן פון אונזער פּאַרטיי?

4) פּאַרוואָס מוז אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור יעדער אָפּאָזיציע אין אונזער פּאַרטיי ווערן אַ צוציאונג-צענטר פאַר אַלע פיינטלעכע קויכעס פונם פּראָלעטאַריאַט?

## פּראַקטישע פאַרגעבונגען

1) קוקט דורך די פּראָטאָקאָלן פון דער קעמערל-ביוראָ זינט די לעצטע אי־בערוואַלן און שטעלט פעסט וויפל פאַלן האָט פאַר דער צייט געטראָפן, אַז מע זאָל צוציען פּאַרטייער צו פּאַרטייאישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פאַר וואָסע־רע מאַיסים. אויפן גרונט פון דידאַזיקע מאַטעריאַלן באַשליסט — ווי ווייט דאָס קעמערל איז אידעאָלאָגיש פעסט און וועלכע טיילן פון דער אַרבעט פאָדערן אַ באַזונדערס ערנסטע אויפמערקזאַמקייט. דערציילט וועגן דעם אויף די לימודים. דער פּראָפּאַגאַנדיסט דאַרף איבערגעבן די מיינונג פון דער שול דעם סעקרעטאַר פון קעמערל.

2) פאַרשט אויס לויט די פּראָטאָקאָלן פון דער קעמערל-ביוראָ פאַרן לעצטן האַלב יאָר די פּראָפאַרץ צווישן די אָפענע און פאַרמאַכטע פּאַרטיי-פאַרזאַמלונגען אויף אייער אונטערנעמונג; מאַכט קלאָר, וועלכע פראַגן פונם טאָג-סיידער האָבן מער אינטערעסירט די אומפּאַרטייאישע און ווי אַזוי האָבן זיי דידאַזיקע פאַר־זאַמלונגען באַזוכט. קוקט זיך צו צו אייער אייגענעם צעך און באַשליסט — צי האָט די קעמערל-ביוראָ ווי געהעריק צוגעפּאַסט דעם אינהאַלט פון די אָפענע פאַרזאַמלונגען צו די פאָדערונגען פון די אַרבעטער און צו די אויפגאַבן פונם טאָג.

## ליטעראַטור


1. סטאַלין — „פראַגן פון לעניניזם“, קאַפּ. VIII „פּאַרטיי“. פּאַראַגראַפן 4 און 5.

2) רעזאָלוציע פונם X צוזאַמענפאָר פון רק"פּ(ב) וועגן דעם סינדיקאַליסטישן און אַנאַרכיסטישן אָפּנויג און אונזער פּאַרטיי (לענין, אויסגעווײילטע ווערק, ב. VII, ט. 1, אידישע אויסגאַבע ז"ז 74—78).

# קאַפּיטל XIV. דער קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג

די נייע פּאַרטיי-אויפגאַבן. — די באַציאונג צום באַלעגוף. — די באַציאונג צו קאָלווירטן און ראַטווירטן. — די טעאָריע פון האַנאַכעס. — די נויטווענדיקייט פון אַן אָנגעשטרענגטן טעמפּ. — קעגן זעלבסטקריטיק. — פראַגן פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. — די געפערלעכקייט פונם רעכטן אָפּנויג. — דער קאַמף אויף צוויי פראָנטן.

אויפן XV פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט די פּאַרטיי געמאַכט אַ סאָף צו דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע און אירע רייען, און אויסגעשלאָסן די טראָצקיסטן פון דער פּאַרטיי. טראָצקיס שפּעטערדיקע אַרויסטרעטונגען אין אויסלאַנד האָבן אים אינגאַנצן דעמאַסקירט אַפילו פאַר דער קליינער צאָל אָנהענגער זיינע, אַלס פּאַרטעטער צו דער זאַך פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַלס רענעגאַט, וואָס שטרעבט אויסצודינען זיך פאַר דער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע מיט רעכילעס אויפן פּראָלעטאַריאַט פון פסס"ר און זיין פּאַרטיי.

דער פולשטענדיקער כורבן פון דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע באַדייט אָבער ניט, אַז די פּאַרטיי האָט שוין פאַרענדיקט מיט אַלע אָפּאָזיציעס און מיט אַלערליי אָפּנויגן אין אירע רייען.

די קליינבירגערלעכע סטיכיע, וואָס רינגלט אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט, שטעקט אים אָן מיט אַלערליי וואַקלונגען, וועלכע פאַרשטאַרקן זיך באַזונדערס בײַ פאַרשיידענע בויאונג-שוועריקייטן. דיזאָזיקע וואַקלונגען גיבן זיך איבער די ווייניק שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטן אין פּאַרטיי, רופן אַרויס אָפּנויגן און ניטשטאַנדהאַפטיקייט אין דער פּאַרטיי-גופע. די שוועריקייטן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג, באַזונדערס אין פעריאָד פון ווירטשאַפטלעכער רעקאָנסטרוקציע און פאַרשטאַרקטן קלאַסנקאַמף רופן אַרויס דעם רעכטן אָפּנויג אין די פּאַרטיי-רייען. דערדאָזיקער אָפּנויג האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט נאָכן XV-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט יענע שוועריקייטן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם איצטיקן פעריאָד פון אונזער בויאונג.

די רעכטע שטויסן די פּאַרטיי צו אַ פּשאָרע מיטן באַלעגוף, ערווידערן קעגן דעם געוואַלדיקן אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ, קעגן דער פאַרשטאַרקטער סאָווכאָז- און קאָלכאָז-בויאונג, קעגן דעם לאָזונג זעלבסטקריטיק א. א. וו. זיי שטיצן די רעכטע און פּשאָרע-מאַכערס אין קאָמינטערן, זיי פאַלן אַריין אין פּאַניק פאַר די שוועריקייטן.

דער קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג און דער טאָלעראַנטער באַציאונג צו אים איז אַצינד די הויפּט-אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אין קאַמף פאַר דער לענינשער ליניע. מע מוז גיכער זיין דעם רעכטן אָפּנויג און די פּשאָרעדיקע באַציאונג צו אים, קעדיי צו קענען אויספילן יענע נייע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר דער פּאַרטיי באַם איבערגאַנג פון אויפשטעלונג צו רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט.

# 1. די נייע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי און די באַציאונג צום באַלעגוף

## די נייע פּאַרטיי-אויפגאַבן

דער XV פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר (דעקאַבר 1927 י.) האָט אָנגענומען אַ ריי אויסערסט וויכטיקע באַשלוסן. אָט האָט איר אַ ביישפּיל.

ער האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרשטאַרקן דעם אָנגריף אַפן באַלעגוף אַפן גרונט פון אונזער פּאָליטיק צו שטיצן זיך אַף דער אָרעמקייט און בונד מיטן מיטלפויער און אָנטשלאָסן אַרויסשטויסן דעם באַלעגוף און פּריוואַטניק. ער האָט אָנגעוויזן, אַז פאַר דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע איז נויטיק ראַציאָנאַליזירן די פּראָדוקציע און אָנפירונג און גיין פאָרויס מיט אַ שנעלן און אָנגעשטרענגטן טעמפּ. נאָר אַזוי וועלן אָניאָגן און איבעריאָגן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ער האָט אונטערגעשטראָכן די באַזונדערע וויכטיקייט פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע אין דאָרף, און דער ערשטער ריי דורך דער פאַרשטאַרקטער קאָלווירטן- און ראַטווירטן-בויאונג. קאָנסטאַטירנדיק די פאַראַנענע שוועריקייטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן איבערגאַנגס-פּעריאָד, האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגעוויזן די וועגן פון אָנגעשטרענגטער סאָציאַליסטישער בויאונג, גערופן צו געבן אַן אָנטשלאָסענעם ווידערשטויס אַלע פיינטלעכע פּאַרן פּראָלעטאַריאַט קויכעס און פאַרגעלייגט פאַרשטאַרקן דעם קאַמף אַפן אידעאָלאָגישן און קולטור-פראָנט.

דריי פּלענומס אין 1928 י. (דער פעווראַלער, יולער און נאָיאַברישער) האָבן ווייטער אַנטוויקלט די באַשלוסן פונם XV-טן צוזאַמענפאָר אַפן גרונט פון דער געשאַפענער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער לאַגע, אָנגעמערקט אַ ריי צוגאָב-מיטלען אַף דורכצופירן די אינדוסטריאַליזאַציע און סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט.

אונז איז אויסגעקומען איבעראַניים צו שטעלן די פראַגע וועגן צוגרייטן רויטע ספּעציאַליסטן אַף דורכצופירן די אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד. די ברויט-פאַרגרייטונגען פון ווינטער 1927/28 י. האָבן באַוויזן די צעפוילטקייט פון אייניקע רינגען אין אונזער אַפּאַראַט, — דעמאָלט איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער לאָזונג זעלבסטקריטיק. מיר האָבן באַדאַרפט צוגרייטן די פּאַרטיי און דעם מעלוכע-אַפּאַראַט צום אויספילן די נייע אויפגאַבן, אָנשאַרפן די שווערד צו נייע שלאַכטן. די פּאַרטיי-באַשלוסן וועגן אַראָפּזעצן דעם קערנקאָסט און אָנטשלאָסענער ראַציאָנאַליזאַציע האָבן געצוואונגען דורכצוקוקן די גאַנצע פּראַקטיק פון אונזערע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַנען. די פאַרשאַרפטע לאַגע מיט ברויט האָט געצוואונגען אַ רוק טאָן פאָרויס די קאָלווירטן און ראַטווירטן-בויאונג. ענדלעך, איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן פאַרשטאַרקטן קאַמף מיט ביוראָקראַטיזם און אַלגעמיינער פּאַרטיי-רייניקונג.

אַזע גרויסע צאָל וויכטיקע פראַגן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר דער פּאַרטיי, האָבן געפאָדערט די גרעכטע אָנשטרענגונג פון אַלע קויכעס, באַזונדערס באַ אַזעלכע גרויסע

שוועריקייטן — די אָפּגעשטאַנענקייט און צעשטויבטקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט, די נים גענוגנדיקע פּראָדוקציע פון ברויט, שוואַכע רעזערוון אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט, די שווערע אַנטוויקלונג פון אייניקע אינדוסטריע צווייגן (כעמישע, מעטאַל, לעמאָשל,) און אַזוי ווייטער.

אונזער קורס אַף סאָציאַליסטישער בויאונג, אַף אויסוואָרצלען די יעסוידעס פון קאַפּיטאַליזם, האָבן גאַטירלעך אַרויסגערופן אַ קאָנטר־אַטאַקע מיצאַד דעם באַלעגוף און נעפּמאַן. דאָס קאַפּיטאַליסטישע קעפּל אין דאָרף, וואָס איז אונטערגעוואַקסן פאַר די נעפּיאָרן, האָט אַרויסבאַוויזן אַן אַקשאָנעסדיקן ווידערשטאַנד דער מעלוכישער פּאָליטיק פון גרויסע פאַרגרייטונגען, רעגולירונג פון מאַרק און דער פּרייזן־פּאָליטיק. דער קלאַסנקאַמף אין לאַנד האָט זיך פאַרשאַרפט.

אין דערזעלבער צייט איז צו באַמערקן אַן איבעריבראָך אין דער לאַגע פון דער וועלט־ווירטשאַפט און אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס האָבן אָנגעהויבן וואַקסן עלעמענטן פון נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג (אַ וואוקס פון שטרייקן און באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן, דערפאָלגן פון די קאָמוניסטן בעאיים די וואַלן, די אַנטוויקלונג פון רעוואָלוציאָנערן קריזיס אין אינדיע א. ד. גל.), עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אינערלעכע ווידערשפּרוכן אין אימפּעריאַליסטישן לאַגער. פאַר די קאָמפּאַרטייען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע — אַקטיווער צו גרייטן די מאַסן צו נייע שלאַכטן, פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (באַזונדערס דער „לינקער) א. א. וו.

אָט די שווערע לאַגע האָט אַרויסגערופן אין אונזער פּאַרטיי אַ פאַרשטאַרקונג פון רעכטע וואַקלונגען, אַ וואוקס און אויסבילדונג פונם רעכטן אָפּנויג. אַ טייל באַווײַרים האָט זיך דערשראָקן פאַר די שוועריקייטן, אַ וואַקל געטאָן זיך פאַר די נייע קאָמפּליצירטע אויפגאַבן, אונטערגעגעבן זיך דער ווירקונג פונם באַלעגוף און נעפּמאַן, אָפּגעטראָטן פון דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע.

די רעכטע גופע פּרואוון זיך פאַרדעקן, אַז זיי האָבן אַ באַזונדערע ליניע פון דער פּאַרטיי. זיי זאָגן, אַז זיי האָבן בלויז אייניקע הויסאָפּעס צו דער גענעראַל־ליניע. דאָס איז נים ריכטיק. די רעכטע אָפּנויגלער פּאַרטיידיקן אַ באַזונדערע ליניע, וואָס אונטערשיידט זיך פון דער פּאַרטיי־ליניע. די שטרעבונג צו באַהאַלטן דידאָזיקע לאַגע איז בלויז אַ שטריך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אָפּאָרטוניסטן. אַן אָפּאָרטוניסט שטרעבט שטענדיק צו פאַרשמירן דעם טאָך פון די ווידערשפּרוכן, אָדער פּרינציפּיעלע כעלוקעדייעס, דאָס ברענגט צו „הויסאָפּעלעך", צו פאַרשטעלן פּרינציפּיעלע כעלוקעדייעס מיט פערזענלעכע פראַגן.

## די באַציאונג צום באַלעגוף

דער XV־טער צוזאַמענפאָר האָט אָנגעוויזן אַף דער נויטווענדיקייט אַנטשיידן צו קעמפן מיטן באַלעגוף. די רעכטע פּרואוון איבערצוקוקן דעמדאָזיקן פּאַרטיי־באַשלוס און לייקענען אָפּ די נויטווענדיקייט פון אַן אַנטשלאָסענעם אָנגריף אַפן באַלעגוף און ביכלאַל אַף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. איינער פון די פאָרשטייער פונם רעכטן אָפּנויג, כ' פרומקין האָט געשריבן: „מיר טאָרן נים שטערן דער פּראָדוק־

ציע פון די באַלעגופישעווירטשאַפטן, קעמפנדיק גלייכצייטיק מיט זייער אומגעהויערער עקספּלואַטאַציע"... אַזאַ לאָזונג הייסט, אַז מע דאַרף ניט שטערן דעם באַלעגוף צו אַנטוויקלען זיין עקספּלואַטאַטאָרישע ווירטשאַפט, אַז מע דאַרף שליסן שאָלעם מיט זיין קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע פונם פּויערטום (צום ביישפּיל, מיטן העכערן דעם אָרבעטס-טאָג פאַרן באַטראַק).

כ' פרומקין האָט געטאַינעט, אַז „יעדער מיליאָן פּוד טוואָוע, פון וועלכער גרופּע ער זאָל ניט גיין, פאַרפעסטיקט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". עס קומט אויס, אַז אויב דאָס ראָוו ברויט וואָלט בײַ אונז פּראָדוצירט ווערן דורך די באַלעגופים און די אָרעמע און מיטלפּויערים וואָלטן אַריינגעפאַלן אין קנעכטשאַפט צום באַלעגוף, וואָלט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט זיך פאַרפעסטיקט אַפילע בײַ דעם תּנאַי. אין דער עמעסן אָבער איז פאַר אונז וויכטיק ניט בלויז די טוואָוע גופע, נאָר אויך דאָס, ווער עס פּראָדוצירט זי — דער באַלעגוף, אָדער דער קאָלווירט, אָרעמאַן אָדער מיטלפּויער א. ד. גל. וואָס מער ברויט עס וועלן געבן די קאָלווירטן און ראַטווירטן, אַלץ שטאַרקער וועט זיין דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר אין דאָרף, אַלץ שטאַרקער וועט זיין אויך די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אויב עס וועט פון יאָר צו יאָר וואַקסן די צאָל ברויט, וואָס ווערט ארויסבאַקומען דורכן באַלעגוף, — וועט עס הייסן, אַז אונזער פּאָזיציע אין דאָרף און אין גאַנצן לאַנד ווערן אָפּגעשוואַכט.

דידאָזיקע פּאָזיציע פון די רעכטע איז ענג פאַרבונדן מיטן לאָזונג „באַרייכערט זיך", וואָס כ' בוכאַרין האָט אַרויסגערוקט אין 1925 י. און דערנאָך אנערקענט זיין פעלערהאַפטקייט. בוכאַרין האָט דעמאָלט געשריבן: „אין אַלגעמיין דאַרף מען דעם גאַנצן פּויערטום, אַלע זיינע שיכטן זאָגן: „באַרייכערט זיך, זאַמלט אָן, אַנטוויקלט אייער ווירטשאַפט". דעמאָלט האָבן אייניקע אָנהענגער פון אָט דעם לאָזונג געטאַינעט, אַז מיר טאָרן ניט שטערן די מיטעלע פּויערשע ווירטשאַפט זאָל איבערוואַקסן אין אַ פעסטער, פאַרמעגלעכער (ד. ה. באַלעגופישער) ווירטשאַפט.

אונזער לאָזונג איז אָבער ניט אָנזאַמלונג ביכלאַל, נאָר סאָציאַליסטישע אָנזאַמלונג. פאַר אונז איז וויכטיק ניט די אַנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג פון יעדער (ד. ה. אויך באַלעגופישער) ווירטשאַפט, נאָר די פאַרפעסטיקונג פונם סאָציאַליסטישן סעקטאָר אין דאָרף — פון די קאָלווירטן און ראַטווירטן. מיר האַלטן אונטער די אָרעמפּויערשע ווירטשאַפט, שטיצן דעם מיטלפּויער, אָבער פאַרפעסטיקן די באַלעגופישע ווירטשאַפטן קלייבן מיר זיך ניט. קעגן דעם באַלעגוף פירן מיר אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף.

פאַר די לעצטע יאָרן האָט דער באַלעגוף געהאַט אַ מעגלעכקייט אַביסל צו פאַרפעסטיקן זיין ווירטשאַפט און שאַפן גרויסע ברויט-רעזערוון. פּרייוויליק וויל ער דער מעלוכע קיין ברויט ניט פאַרקויפן, ניט געקוקט דערויף, וואָס די ברויט-פּרייזן זיינען געהעכערט, נעמען מיר אָן מיטלען פון געזעלשאַפטלעכן דרוק אַפן באַלעגוף מיצאַד די פּויערים פונם זעלבן דאָרף (אָרעמפּויערים אין דער ערשטער ריי). אַמאָל קומט אויס אָנצונעמען אויך אַדמיניסטראַטיווע מיטלען. די רעכטע דערווידערן קעגן אַזעלכע דרוק-מיטלען בענוגייע דעם באַלעגוף. פאַרקערט, זיי לייגן פאָר פאַרווירקלעכן אַזאַ פּרייזן-פּאָליטיק, בײַ וועלכער, דער באַלעגוף זאָל פּרייוויליק פאַרקויפן

זיין ברויט דער סאָוועטן-מעלוכע, — זיי פאַרגעסן, אַז דער באַלעגוף איז דער ביטערסטער סוינע פון דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די פרייזן-פאָליטיק, וואָס די רעכטע אָפּנוייגלער לייגן פאָר, וואָלט פאַרפעסטיקן די באַלעגופים און זייער קראַפט אין קאַמף קעגן דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

דערביי פרואוון די רעכטע פאַרשווייגן די באַדייטונג פון אַ זעלבשטענדיקער *אָרגאַניזאַציע* פאַר דער ברייטער מאַסע *אָרעמקייט*. די רעכטע לייגן אויך פאָר אָפּשאַפן די אינדיווידועלע באַשטייערונג פונם באַלעגוף, וואָס מוז בעפיירעש פאַרשטאַרקן די באַלעגופישע פאָזיציעס. די רעכטע זייגען אַזוי אַרום קעגן אַן אַנטשלאָסענער באַזירונג אַף דער אָרעמקייט און בונד מיטן מיטלפויער, אינדערעמעסן רופן זיי צו אַ *פשאָרע מיטן באַלעגוף*, זיי קערן זיך אָפּ פונם סאָציאַליסטישן אַנטוויקלונגס-וועג פאַרן דאָרף צו זיין קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

די רעכטע האַלטן אונטער די טעאָריע, אַז די באַלעגופים *וועלן פרידלעך ארייננוואַקסן* אין אונזער סאָציאַליסטישערווירטשאַפט, אָנשפאַרנדיק זיך אַף די קרעדיט-געזעלשאַפטן, זיי וועלן פרידלעך אַרייננוואַקסן אין דער סיסטעם פון אונזערע בענק, א״ן דער אַלגעמיינער סיסטעם פון אונזער ווירטשאַפט. די רעכטע שטייען אַזוי אַרום אַפן שטאַנדפונקט, אַז מיר וועלן קומען צו דער סאָציאַליסטישער אָנקלאַסן-געזעלשאַפט ניט דורך קלאַסנקאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, נאָר אַפן גרונט פון זייער פרידלעכן אַרייננוואַקסן אין סאָציאַליזם.

די *פאַרטיי-ליניע* זאָגט גאָר אַנדערש: מיר וועלן קומען צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט *דורך* אומבעראַכמאָנעסדיקן קלאַסנקאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. בלויז קעמפנדיק מיטן באַלעגוף, באַגרענעצנדיק און אַרויסשטויסנדיק אים, וועלן מיר קענען פאַרשטאַרקן דעם בונד פון די אָרעמע און מיטלפויערים, פאַרפעסטיקן די ראַטווירטן און קאָלווירטן, פירן דאָס דאָרף אַפן סאָציאַליסטישן אַנטוויקלונגס-וועג.

## 2. די באַציאונגען מיטן פויערטום

### די באַציאונג צו קאָל-ווירטן און ראַטווירטן

קעדיי צו באַגרינדן זייער אָריענטאַציע אַפן באַלעגוף, האָבן די רעכטע אויסגעקלערט אַ טעאָריע, אַז אונזער פויערשע ווירטשאַפט דעגראַדירט, ד. ה. אַז זי גייט אַף צוריק. ווי באַלד אַזוי, מוז מען שטיצן דעם באַלעגוף, ער גיט דאָך דער מעלוכע ברויט — אַז אים וועלן מיר אינגאַנצן אומקומען.

אין דערעמעסן איז קיין שום „דעגראַדאַציע“ פון דער לאַנדווירטשאַפט *ניט פאַראַן*. ווי מיר האָבן אויבן געזען (קאַפּ. X.), ווייזן די פאַקטן פונקט קאַפויר. קיין שום פאַלן פון דער לאַנדווירטשאַפט איז ניט פאַראַן, עס איז בלויז פאַראַן אַן אָפּגעשטאַנענקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט און פאַרגלייך מיט דער אינדוסטריע. די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט גייט, זי גייט אָבער פאָרויס זייער *לאַנגזאַם*. די הויפט-סיבע דערפון איז די *צעשטויבטקייט* פון דער פויערשער ווירטשאַפט (פאַר דער מיל-

כאמע איז געווען בא אונז 16 מיליאן ווירטשאפטן, אצינד — 25 מיליאן) און דער נידעריקער **טעכנישער שטאנד**. קעדיי אויפצוהויבן די לאנדווירטשאפט, מוז מען זי מאכן גרעסער און באוואפענען **מיט א נייער טעכניק**—מיטן טראקטאר אין דער ערשטער ריי. דערפאר טאקע **איז דאס שאפן קאלווירטן און ראטווירטן האנט בא האנט מיט העכערן די גערעטעניש פון דער ארעמער און מיטלפויערשער ווירטשאפט די גרונט=אויפגאבע אין דארף**.

די **רעכטע** דערווידערן דאך גראד קעגן דער שנעלער אנטוויקלונג פון קאלווירטן און ראטווירטן; זיי טאינען, אז דער גרונט=וועג אויפצוהויבן די פויערשע ווירטשאפט ליגט גאר ניט דורך דער גרויסער פארגעזעלשאפטלעכטער ווירטשאפט, ניט דורך ראטווירטן און קאלווירטן, נאר דורכן אויפשטייג פון דער איינצעלנער פריוואטער ווירטשאפט. די XVI פארטיי=קאנפערענץ האט כאראקטעריזירט דיזאזיקע פאזיציע אלס „דירעקטער איבערגאנג אף דער באלעגופישער פאזיציע, א דירעקטער אפזאג פון דער אנפירערישער ראלע פונם ארבעטער=קלאס אפן געביט פון לאנדווירטשאפטלעכער פראדוקציע=אנטוויקלונג“. די רעכטע אפנויגלער באשולדיקן די פארטיי, אז זי שטעלט זיך אן אויפגאבע צו שאפן א גרויסע געזעלשאפטלעכע ווירטשאפט (קאלווירט, ראטווירט) און פארגעסט די אויפגאבע צו העלפן די אינדיווידועלע ארעמע און מיטלפויערשע ווירטשאפטן. אין דערעמעסן, ווערן די ראטווירטן און קאלווירטן גארניט **אנטקעגנגעשטעלט** די אינדיווידועלע ארעמע און מיטלפויערשע ווירטשאפטן אלס פיינטלעכע קראפט. **פארשטארקנדיק** די בויאונג פון ראטווירטן און קאלווירטן, שטיצט די פארטיי **גלייכצייטיק** די אינדיווידועלע ווירטשאפט — באזארגט זי מיט זריע, מאשינעס, געלט א. א. די רעקאנסטרוקציע פון דער לאנדווירטשאפט איז אבער מעגלעך בלויז דורך **פראדוציר=קאאפערירונג**, בלויז אין א גרויסער ווירטשאפט איז מעגלעך ברייט אויסצונוצן די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט און טעכניק, אנצואווענדן דעם טראקטאר און אנדערע מאשינעס, נייע מיטלען צו באארבעטן די ערד א. ד. גל.

דערווידערנדיק קעגן די קאלווירטן און ראטווירטן, האלטנדיק אז דעריקער איז פארברייטערן די פריוואטע קליין=ווירטשאפטן, שטאמלען די רעכטע נאך דעם באלעגוף קעגן דעם וואוקס פונם סאציאליסטישן סעקטאר אין דארף.

## די טעאריע פון האנאכעס

דעם טאך פון צוזאמענשלוס פונם ארבעטער=קלאס מיטן פויערטום פארשטייען די רעכטע אויך אף אן אנדער אויפן. זיי האבן ארויסגערוקט א טעאריע וועגן דעם, אז דער פראלעטאריאט דארף קעסיידער געבן האנאכעס דעם פויערטום. די רעכטע זאגן, אז „יעדעס מאל ווערט די פארטיי=טאקטיק באשטימט דערפון, אין וועלכער זייט דער מיטלפויער טוט זיך א וואקל. אף אט די וואקלונגען איז געבויט די לערע וועגן צוזאמענשלוס מיטן מיטלפויער“. עס קומט אויס, אז דער פראלעטאריאט שלעפט זיך נאך אין זיין טאקטיק נאכן באלעגוף. דער באלעגוף שפארט אפן מיטלפויער, — יענער וואקלט זיך און די פארטיי מוז באלד גיין דעם מיטלפויער אף האנאכעס. **אזא טעאריע האט קיין שום שייכעס ניט צום לעניניזם**. לענין האט

געלערנט, אַז דעם פראָלעטאַריאַט דאַרף געהערן די אָנפירנדיקע ראָלע אינם בונד צווישן די אַרבעטער און פויערים, אַז דער אַרבעטער=קלאַס דאַרף, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף דער אָרעמקייט, שליסן אַ בונד מיטן מיטלפויער און אָנפירן איינגעם מיט אים אַ קאַמף קעגן באַלעגוף. אין באַזונדערע פראַגן גייט דער אַרבעטער קלאַס אַף האַנאָכעס דעם מיטלפויער־טום (אַזאַ האַנאָכע איז, לעמאָשל, געווען דאָס העכערן די ברויט=פרייזן זומער 1928 י.); מע מוז אָבער שטענדיק זען די גרענעצן פון די האַנאָכעס, געדענקען, אַז אין יעדן פאַל דאַרף די אָנפירנדיקע ראָלע געהערן צום אַרבעטער קלאַס. דער צוזאַמענשלום מיטן מיטלפויער ווערט פאַרפעסטיקט ניט בלויז דורך האַנאָכעס, נאָר דורך דער פאַרפעסטיקונג פון די פאָליטישע (פאַרשטאַרקן די אָרעמקייט=אָרגאַניזאַציעס) און עקאָנאָמישע (פאַרפעסטיקן די קאָלווירטן און ראַטווירטן) פאָזיציעס פונם אַרבעטער קלאַס.

די רעכטע פאַרשטייען ניט דעם טאָך פון לעניִנס לערע וועגן דעם בונד צווישן אַרבעטער און פויער. זיי זאָגן, אַז מע מוז האָבן דעם בונד און געגוג. לעניִן האָט אָבער געלערנט, אַז מיר מוזן האָבן אַזאַ בונד, אין וועלכן די אָנפירנדיקע ראָלע זאָל געהערן צום פראָלעטאַריאַט, וועלכער פאַרפעסטיקט דעם אַרבעטער=קלאַס, וועלכער פאַראייניקט דעם פראָלעטאַריאַט מיטן אָרעמען און מיטלפויער קעגן דעם באַלעגוף, וועלכער העלפט מיט צו בויען דעם סאָציאַליזם. דער צוזאַמענשלום איז אונדז נויטיק צוליב פאַרניכטן די קלאַסן=צעטיילונג, צוליב בויען דעם סאָציאַליזם.

כ' סטאַלין האָט ריכטיק געזאָגט: „דער צוזאַמענשלום איז אונדז נויטיק ניט צוליב פאַרהיטן און פאַראייביקן די קלאַסן. דער צוזאַמענשלום איז נויטיק, קעדיי מיר זאָלן דערנענטערן דאָס פויערטום צום אַרבעטער קלאַס, איבערדערציען דאָס פויערטום, איבערמאַכן זיין פסיכאָלאָגיע און צוגרייטן אַזוי אַרום די ליקווידאַציע פון קלאַסן אַף דער באַזע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. ווער עס פאַרשטייט עס ניט, אָדער וויל עס ניט פאַרשטיין, דער איז קיין מאַרקסיסט ניט, קיין לעניִנעץ ניט, דער איז אַ פויערשער פילאָזאָף, וואָס קוקט צוריק, ניט פאָרויס“.

די רעכטע האַלטן, אַז דער צוזאַמענשלום מיטן מיטלפויער קאָן מען פאַרווירקלעכן בלויז דורכן מאַרק, דורך דער האַנדלס=פאַרבינדונג מיטן דאָרף; דערביי האָבן זיי זיך אָראָפּגעקייקלט ביז צום פאַרקריפלען דעם מעהום פון נעפ. זיי האַלטן, אַז אַצינד איז דעריקער — די מאַרק=באַציאונגען, אַז דער צוזאַמענשלום מיטן דאָרף קאָן גיין בלויז דורכן מאַרק. אינדערעמעסן האָבן מיר אַצינד נייע פראָדוציר=פאָרמען פונם צוזאַמענשלום — דורך ראַטווירטן, קאָלווירטן, קאָנטראַקטאַציע, מאַשין=באַזאָרגונג, מאַשין=טראַקטאָרנע סטאַנציעס א. ד. גל. אָט די פראָדוציר=פאָרמען, וואָס שאַפן ניט אָפ די אַלטע צוזאַמענשלום=פאָרמען ווערן אין איצטיקן מאָמענט די באַשליסנדיקע.

דערווידערנדיק קעגן די מאָסמיטלען פון געזעלשאַפטלעכן דרוק אַפן באַלעגוף בעאיים די ברויט=אַנגרייטונגען, האָבן די רעכטע אָנגעהויבן שילדערן דעם נעפ אַלס פולע פרייהייט פון האַנדל. דאָס איז אָבער ניט האַנדלס=פרייהייט אין פולן זין פון וואָרט, נאָר אַ האַנדל אין באַשטימטע גרענעצן, וואָס ווערט רעגולירט און אָנגעפירט דורך אונדז (דורך דער פרייזן=פאָליטיק, לעמאָשל). זאָגן, אַז מיר האָבן מיט די אויסער=

אָרדענטלעכע מיטלען געמאַכט צום נישט דעם נעפּ, הייסט ניט זען אַלע זייטן פון נעפּ. זיי גייען אייגנטלעך איין אַף דעם לאָזונג — פולער פרייער האַנדל, וואָס די באַלעגופים באַגריסן אים שטענדיק און וואָס הייסט אָפּזאָגן זיך פון דער מעלוכישער רעגולירונג פון דער פאָלקס=ווירטשאַפט.

## די נויטווענדיקייט פון אַ שנעלן טעמפּ

אַ שנעלער טעמפּ פון דער אינדוסטריע=אַנטוויקלונג, באַזונדערס די פּראָדוקציע פון פּראָדוציר=מיטלען, איז דער יעסאָד פון אינדוסטריאַליזאַציע.

וואָס הייסט אַ שנעלער טעמפּ? דאָס הייסט אַסיגנירן מער געלט אַף קאַפּיטאַלער בויאונג. מער געלט פון ביודזשעט אַף דער אינדוסטריע. שנעלער אַנטוויקלען די אינדוסטריע. ווייטער אַראָפּזעצן דעם קערנקאָסט, וואוקס פון דער אַרבעטס=פּראָדוקטיווקייט, פאַרבעסערן די גאַנצע אַרבעט פון דער אינדוסטריע.

פאַרוואָס דאַרפן מיר פירן די אַרבעט מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטן טעמפּ? קוידעמקאָל צוליב אויסערלעכע סיבעס. אונז רינגלען אַרום קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיט אַ הייכער טעכניק, וואָס ווערט אַלץ פאַרפולקאָמט. בא אונז שטייט דער פאָרגעשריטענער קלאַס בא דער מאַכט, די טעכניק אונזערע איז אָבער אַ פאַרעלטערטע: מיר האָבן אָנגעיאָגט און איבערגעיאָגט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער לויט אונזער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. צוליב דעם ענדגילטיקן ניצאָכן פון סאָציאַליזם דאַרפן מיר אָניאָגן און איבעריאָגן דידאָזיקע לענדער אויך אין טעכניש=עקאָנאָמישן הינזיכט. אַנדערש וועלן מיר ניט קענען באַשיצן די אומאָפּהענגיקייט פון אונזער לאַנד.

עס זייַנען נאָך פאַראַן אינערלעכע סיבעס — די אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער ערדאַרבעט און איר טעכניק. איבערבויען די לאַנדווירטשאַפט אַף אַ נייער טעכנישער באַזע איז מעגלעך בלויז אַנטוויקלענדיק די אינדוסטריע. בא אַ שנעלן אַנטוויקלונגס=טעמפּ וועט די אינדוסטריע קענען געבן דעם דאָרף יענע הונדערטער טויזנטער טראַקטאָרס, און וועלכע עס נויטיקט זיך, לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, עלעקטראָמאָטאָרן א. א. די שנעלע אינדוסטריע=אַנטוויקלונג וועט אויך מיטהעלפן דער לאַנדווירטשאַפט פאַרפעסטיקן די גרונט=באַזע — דעם סאָציאַליסטישן, פאַרגעזעלשאַפטלעכטן ווירטשאַפט=ווינקל. דעמאָלט וועט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור זיין פעסט ווי אייזן.

די רעכטע האָבן ניט איינמאָל דערקלערט, אַז דער אינדוסטריאַליזאַציע=טעמפּ, וואָס די פּאַרטיי האָט גענומען, „פירט צו אַ מאַפּאָלע“. זיי האָבן פאָרגעלייגט זיך גלייכן אַף די „שמאָלע ערטער“, ד. ה. פאַקטיש פאַרקלענערן דעם טעמפּ און בויען אַ קלענערן פינפיאָריקן פּלאַן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי גערעכנט, אַז מע דאַרף ניט אַזוי שנעל אַנטוויקלען די שווערע אינדוסטריע, מע דאַרף בעסער אַ זאָרג טאָן וועגן דער לייכטער, שנעלער אַנטוויקלען די טעקסטיל=אינדוסטריע און ניט מעטאַל, קוילן, מאַשינבויאונג.

זיי האָבן געטאַינעט, אַז דאַפקע די שנעלע אַנטוויקלונג פון דער לייכטער אינדוסטריע, וואָס באַפרידיקט דעם נאָכפרעג אַף ציץ, שוכוואַרג א. ד. גל. וועט העלפן פאַרפעסטיקן

דעם בונד מיטן פויערטום. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דאָס דאָרף גוויטיקט זיך ניט נאָר אין נעברויך=סכוירעס, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דער אינדוסטריע, נאָר מער פון אַלץ אין פראָדוציר=מיטלען (לאַנדווירט. מאַשינעס, קינסטלעכע באַמיסטיקונג) און סכוירעס, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דער שווערער אינדוסטריע. אַנטוויקלען די פּראָדוקציע פון אָט די סכוירעס (פּראָדוציר=מיטלען פאַרן דאָרף) איז דער וויכטיקסטער תּנאַי פאַר דעם סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דאָרף און קאַמף מיטן באַלעגוף. די דערווידערונגען קעגן דעם אינדוסטריאַליזאַציע=טעמפּ שפּיגלען אָפּ דעם שטאַנדפּונקט פון באַלעגוף, וועלכער האָט מוירע פאַרן וואוקס און פאַרפעסטיקונג פונם סאָציאַליסטישן סעקטאָר אין אונזערווירטשאַפט. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז אויך אין דער פראַגע וועגן אינדוסטריאַליזאַציע פאַרשטייען די רעכטע ניט, אַף וועלכן וועג עס ווערט געשאַפן דער ווירקלעכער צוזאַמענשלוס צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן אָרעמען און מיטלפויער אין דאָרף.

## 3. דער קאַמף קעגן דער פּאַרטיי

### קעגן זעלבסטקריטיק

די רעכטע טרעטן אַרויס קעגן דעם לאָזונג פון זעלבסטקריטיק, זיי פּרואוון דערווייזן, אַז די זעלבסטקריטיק רייסט נאָר אַראָפּ די אַרבעט.

דאָ שטיצן זיי פּאָשעט אונזערע ביוראָקראַטן, וואָס שטערן דער רייניקונג פון אונזערע אַפּאַראַטן.

באַשולדיקנדיק די פּאַרטיי אין ביוראָקראַטיזם, דערווידערן די רעכטע אין טאָג קעגן דעם פאַרשטאַרקטן קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם, זיי זעען ניט, אַז קעדיי אויסצופילן די גראַנדיעזע אויפגאַבן, זיינען מיר מעכויעוו דורכפירן אַן אַנטשלאָסענע רייניקונג און באַנייאונג פונם גאַנצן אַפּאַראַט, דעם פּאַרטייאישן, סאָוועטישן, פּראָפאַריינישן און קאָאָפּעראַטיווו.

די רעכטע עלעמענטן זיינען גענייגט זיך פשאָרעדיק באַציען צו די פעלערן פון דער פּראָפאַריינישער אָנפירונג. אַפן לעצטן VIII=טן פּראָפאַריין=צוזאַמענפאָר (דעקאַבר 1928 י.) איז קלאָר געוואָרן, אַז די פּראָפאַריינען האָבן זיך נאָך ניט געקענט שטעלן בערֹאָש פון די מאַסן בעאיים דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע, אַז זיי שלעפּן זיך אָפּ אין עק, זיינען אָנגעשטעקט מיט ביוראָקראַטיזם, זיי מאָביליזירן שוואַך די מאַסע צום קאַמף מיט די שוועריקייטן, האָבן זיך ניט דערשלאָגן צו אַ העכערער דיסציפּלין און אַרבעטס=פּראָדוקטיווקייט א. א. וו. די אָנהענגער פונם רעכטן אָפּנויג זיינען גרייט צו קוקן דורך די פינגער אַף אָט דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער פּראָפאַריינישער אָנפירונג און געפּרואווט אַפילע אַקעגנשטעלן די פּראָפאַריינען דער פּאַרטיי און אָפּזונדערן זיי פון דער פּאַרטיי. בלויז אַ ריכטיקע און פעסטע אָנפירונג מיצאַד דער פּאַרטיי קאָן פאַרוואַנדלען די פּראָפאַריינען אין אַ ווירקלעך געווער צו אָרגאַניזירן די מאַסן צוליב דער סאָציאַליסטישער בויאונג.

די רעכטע האָבן אַרויסגערוקט שווערע באַשולדיקונגען קעגן דער פּאַרטיי איבערכאַזערנדיק טראָצקיס ווערטער, האָבן זיי דערקלערט, אַז דער פּאַרטיי=אַפּאַראַט איז אַ „ביוראָקראַטישער“. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט אַ פאַלשע און רעכילעסדיקע טאַיגע, אַז די

פּאַרטיי האָט געשאַפֿן „אַ מיליטער־פּעאָדאַלע עקספּלואַטאַציע פֿון פּויערטום“ און גענומען בײַ די פּויערים צינז. אָט די רעװיזיאָניסטישע באַשולדיקונגען באַטײַטן, אַז דער רעכטער אָפּנייג הויבט אָן אַריבערצוגיין אַפֿן װעג פֿון פֿראַקציאָנעלן קאַמף מיט דער פּאַרטיי. װעגן דעם זאָגט אײדעס די שטרעבונג צו פּריציפּלאָזע בלאָקן, די פּרואװן צו װירקן אױף דער פּאַרטיי דורך דימיסיע א. ד. גל.

## פֿראַגן פֿון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק

אין די פֿראַגן פֿון װעלט־פּאָליטיק און קאָמינטערן־פּאָליטיק האָבן זיך די רעכטע אָראָפּגעקײַקלט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָפּשאַצונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. זײ זעען ניט די רעװאָלוציאָנערע זײַטן פֿונעם „דריטן פּעריאָד“ (זע קאַפּ. XVI),שאַצן איבער די שטאַנדהאַפטיקײט פֿון קאַפּיטאַליזם, פֿאַרשטײען ניט די װיכטיקײט צו צוגרײטן די מאַסן (באַזונדערס די ניטאָרגאַניזירטע) צו די נײַע שלאַכטן, פֿאַרשטײען ניט די װיכטיקײט צו קעמפֿן קעגן די „לינקע“ סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

דער אַנטשלאָסענער קאַמף פֿון דער פּאַרטײ קעגן די רעכטע און פֿשאַרעמאַכער אין קאָמינטערן האָט אַרױסגערופֿן מעלדונגען פֿון די רעכטע, אַז די פּאָליטיק פֿון אונזער פּאַרטײ „דעמאָראַליזירט“ דעם קאָמינטערן. פֿאַקטיש שטיצן די רעכטע אַלע רעכטע רענעגאַטן פֿון קאָמינטערן און זײַנען געװאָרן אַ צענטער, װאָס ציט צו אַלע אָפּאָרטוניסטישע גרופּעס פֿון קאָמינטערן.

די פּאָליטישע פּאָזיציע פֿונעם רעכטן אָפּנײג באַטײַט קאַפּיטולױאַציע פֿאַר יענע שװעריקײטן, װאָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע און פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די קלאַסן־שלאַכטן. די רעכטע פֿאַרשטײען ניט, אַז די פֿאַרשאַרפֿונג פֿון קלאַסנקאַמף איז אומפֿאַרמײַדלעך. זײ האָבן, לעמאָשל, אַרױסגערוקט אַלס צענטראַלן געדאַנק אינעם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן דעם װאוקס פֿון אַרבעטס־פּראָדוקטיװקײט, אַ לאָזונג אונטער װעלכן יעדער בורזשוא װעט זיך באַסטענען. פֿאַר אונז איז װיכטיק ניט בלױז דער װאוקס פֿון אַרבעטס־פּראָדוקטיװקײט ביכלאַל, נאָר די פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון די סאָציאַליסטישע פּאָזיציעס; ניט װירטשאַפֿטלעכע בױאונג ביכלאַל, נאָר סאָציאַליסטישע בױאונג, ד. ה. אַזאַ בױאונג, װאָס פֿאַרפֿעסטיקט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, גיט די סאָציאַליסטישע װירטשאַפֿט עלעמענטן אַן איבערװאָג איבער די פּריװאַט־װירטשאַפֿטלעכע. אַ פֿאַלשער צוגאַנג צו דער פֿראַגע װעגן קלאַסנקאַמף ליגט אין גרונט פֿון אַלע איבעריקע פֿעלערן („דער באַלעגוף װאַקסט אַרײַן אין סאָציאַליזם“, קאַמף קעגן קאָלװירטן און ראַטװירטן, קעגן אינדוסטריאַליזאַציע־טעמפּ א. ד. גל.):

די רעכטע טאַיִנען, לעמאָשל, אַז װיבאַלד דער סאָװעטן־אַפּאַראַט אין דאָרף פֿאַרבעסערט זיך, פֿאַרשװינדט דער קלאַסנקאַמף אין דאָרף; זײ האָבן אָפּגעשלײַדערט יענעם שטאַנדפּונקט, אַז דער װאוקס פֿון סאָציאַליסטישער בױאונג פֿירט צו פֿאַרשאַרפֿן װידערשטאַנד מיצאַד דעם באַלעגוף, ד. ה. צו פֿאַרשאַרפֿן קלאַסנקאַמף ביכלאַל. די בורזשואַזיע (באַלעגופֿים און נעפּלײַט), װאָס װערט אַרױסגעשטױסן דורך אונזער בױאונג, טרעט אָפּ קעמפֿנדיק. זי װערט בלױז פֿאַרהעלטנישמעסיק שװאַכער (ד. ה. לעגאַבע דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר), זי פֿאַרשטאַרקט אָבער דעם װידערשטאַנד, זי קעמפֿט פֿאַרביסן קעגן דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט.

## די געפערלעכקייט פונם רעכטן אָפּנויג

דער ניצאָכן פונם רעכטן אָפּנויג וואָלט געבראַכט צו אַ גרויסער פאַרשטאַרקונג פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין אונזער לאַנד. מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז די מעגלעכקייט פאַר דער אויפשטעלונג פון קאַפּיטאַליזם איז בײַ אונז אין לאַנד נאָך ניט באַזייטיקט. לענין האָט געשריבן: „קאָלזמאַן מיר לעבן אין אַ קליין־פּויערש לאַנד, איז פאַרן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד פאַראַן אַ פעסטערע עקאָנאָמישע באַזע, ווי פאַרן קאָמוניזם... די וואָרצלען פון קאַפּיטאַליזם האָבן מיר נאָך ניט אַרויסגעריסן, דעם פונדאַמענט האָבן מיר באַם אינערלעכן סוינע נאָך ניט אַרונטערגעריסן. דער לעצטער האַלט זיך אַף דער קליין־ווירטשאַפט. קעדיי אים אונטערצווייסן איז פאַראַן איין מיטל: אַריבערפירן די ווירטשאַפט פון לאַנד, אַרייננערעכנט די לאַנדווירטשאַפט, אַף אַ נייער טעכנישער באַזע, אַף אַ טעכנישער באַזע פון דער מאָדערנער גרויס־פּראָדוקציע. אַזאַ באַזע איז נאָר עלעקטריע“.

יאָרן און יאָרן פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט זיינען נויטיק אַף אַרויסצורייסן מיטן וואָרצל יעדע מעגלעכקייט פאַר דער ווידעראויפשטעלונג פון קאַפּיטאַליזם. צוליב דעם איז נויטיק אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד מיט אַ שנעלן טעמפּ, קאָאָפּערירן צענדליקער מיליאָנען פּויערים, פאַרייניקן די באַזונדערע ווירטשאַפטן אין מעכטיקע קאָלעקטיוון, אונטערפירן אַ נייע טעכנישע באַזע פאַר דער גאַנצער ווירטשאַפט, אַנטוויקלען ראַטווירטן, בייקומען די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין שטאָט און אין דאָרף.

די געפערלעכקייט פונם רעכטן אָפּנויג באַשטייט דערין, וואָס ער דערשאַצט ניט די קראַפט פון אונזערע סאָנים, זעט ניט די געפאַר פון קאַפּיטאַליסטישער אויפשטעלונג, גייט אַף האַנאָכעם די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און שוואַכט דערמיט אָפּ די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, רוקט אָפּ די פראַגע וועגן קאָלכאָזן און סאָוכאָזן א. אַז. וו. מיט איין וואָרט — ער שטויסט אונז צו פשאָרע מיט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און שוואַכט אָפּ די סאָציאַליסטישע ווינקלען פון אונזער אַרבעט.

## דער קאַמף אַף צוויי פראָנטן

דער „לינקער“ (טראָצקיסטישער) אָפּנויג אין אונזער פאַרטיי האָט איבערגעשאַצט די קויכעס פון אונזערע סאָנים, ניט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם מיט די קויכעס פון אונזער לאַנד, אַרייננעפאַלן אין ייאוש, אָפּגעלייקנט די מעגלעכקייט צו שליסן אַ בונד צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, געפירט צום אייגרייס מיטן מיטלפּויער. ער האָט געהאָפט נאָר אַף דער הילף פונם מאַירעוו־פּראָלעטאַריאַט און גערופן צו אויבער־אינדוסטריאַליזאַציע אַפילע דורכן אייגרייס מיטן פּויערטום.

דער ניצאָכן פונם „לינקן“ אָפּנויג וואָלט געבראַכט דערצו, אַז דאָס פּויערטום וואָלט זיך אָפּגעריסן פונם אַרבעטערקלאַס, די פאַרטיי וואָלט זיך אָפּגעריסן פונם גאַנצן קלאַס,— דאָס וואָלט געפירט צו אַ מאַפּאָלע פון פּראָלעטאַריאַט און ניצאָכן פון קאַפּיטאַליזם.

די פּאָליטיק פונם רעכטן אָפּנויג וואָלט מיט אַנדערע וועגן געבראַכט צום זעלבן. דערפאַר טאַקע קוקן שטענדיק די סאָנים פון אַרבעטערקלאַס מיט האָפענונג אַף אַלע אָפּנויגן, וואָס באַווייזן זיך אין אונזער פאַרטיי. פאַר זיי איז אַלציינס — צי דער אָפּנויג

נעמט רעכטס אָדער לינקס פון לעניניזם. פאַר זיי איז וויכטיק די פּאַרטיי=פּאָליטיק זאָל געענדערט ווערן, זי זאָל אָפּטרעטן פון לעניניזם.

דערפאַר פירט די פּאַרטיי אַ קאַמף אַף **צוויי פראָנטן**: סאַי קעגן דעם טראָצ= קיסטישן אָפּנויג, וואָס דעקט זיך צו מיט לינקע פראַזן, סאַי קעגן דעם אָפּענעם רעכטן אָפּנויג. אַף וויפל דער טראָצקיזם איז אַצינד אינגאַנצן צעקלאַפּט, אינגאַנצן דעמאַסקירט פאַר די מאַסן און ארויסבאַוויזן זיין קאָנטררעוואָלוציאָנערן פּאַרצעף, איז דער קאַמף מיטן רעכטן אָפּן=אָפּאָרטוניסטישן אָפּנויג אַצינד **באַזונדערס וויכטיק**.

פונקט אַזוי איז אויך וויכטיק דער קאַמף קעגן טאָלעראַנטער, **פשאָרעמאַכע= רישער** באַציאונג צום רעכטן אָפּנויג. די פשאָרעמאַכעריי איז אין טאָך אַ שטיצע דעם אָפּנויג, זי פאַרשטעלט אים פון דער פּאַרטיי=קריטיק, פון זיין דעמאַסקירונג.

פשאָרעדיקע באַציאונג צו אָפּנויגן טאָר קיין אָרט ניט געפינען אין די פּאַרטיי=רייען, פונקט ווי די אָפּנויגן גופע.

## קאָנטראָל-פראַגן

1. צוליב וואָס איז נויטיק און פאַר וואָס איז אומפאַרמיידלעך אַ שנעלער און אָנגעשטרענגטער אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ פון אונזער לאַנד?
2. וואו זיינען די סאָציאַל-עקאָנאָמישע וואָרצלען פונם רעכטן אָפּנויג?
3. פאַרוואָס באַטייטן די פאָדערונגען פון די רעכטע אָפּנויגלער וועגן פאַר- קלענערן דעם אינדוסטריאַליזאַציע-טעמפּ, וועגן אָפּזאָגן זיך צו קאָלעקטיוויזירן די לאַנדווירטשאַפט און מעלוכיש רעגולירן דעם מאַרק אַן אָריענטאַציע אַפן באַלעגוף און נעפּמאַן.
4. וואָס פאַר גראָבע פאַרקריפלונגען דערלאָזן די רעכטע עלעמענטן אין אונזער פּאַרטיי אינם פאַרשטיין לענינס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן?
5. פאַרוואָס האָט די פּאַרטיי ניט אויפהערנדיק דעם קאַמף אַף 2 פראָנטן קאָנצענטרירט איצט דעם הויפּט-פייער קעגן דעם רעכטן אָפּנויג און פרידלעכע באַציאונג צו אים?

## פּראַקטישע אויפגאַבן

1. נעמט דעם לעצטן נומער צייטונג, וואָס איר שרייבט אויס, קוקט אויפ- מערקזאַם דורך די לייט-אַרטיקלען און דעם אָפּטייל: „פּאַרטיילעבן" און שטעלט פעסט, אַרום וועלכע פראַגן מאָבּיליזירט אַצינד די פּאַרטיי איר אויפמערקזאַמ- קייט. נאָכדעם גייט אַריין אין קלוב און טוט אַ קוק, ווי שפּיגלען אָפּ דידאָזיקע פראַגן די פּלאַקאַטן און לאָזונגען, וואָס הענגען אַף די ווענט. דאָסזעלבע טוט מיט דער וואַנט-צייטונג. אייערע אויספירן גיט איבער דער פּאַרטיי-ביוראָ דורך דעם שול-אָנפירער.

2. שרייבט אָן, וועלכע שטימונגען בא אייך אָף דער אונטערנעמונג אָדער אין אייער צעך דערמאָנען אייך אָדער פאַלן פּאָשעט צוזאַמען מיט די פאָדערונגען פונם רעכטן אָדער „לינקן“ אָפּנויג. דער שול-אָנפירער דאַרף צוגרייטן אַ פּאָר צו-הערער צו אַרויסטרעטן קעגן דידאַזיקע שטימונגען אָף איינער פון די נאָענסטע פּאַרטיי-פאַרזאַמלונגען.

## ליטעראַטור


1. לענין — „קינדערשע קראַנקייט פון „לינקייט“.
2. סטאַלין — רעדע אָפן אָקטיאַבער-פּלענום (1928 י.) פון מ"ק און מק"ק.
3. רעזאָלוציעס פון דער XIV פּאַרטיי-קאָנפערענץ „וועגן פינפיאָריקן פּלאַן“, אָפּט. III, ז. „וועגן די אויפשטייג-וועגן פון דער לאַנד-ווירטשאַפט און פאַרגרינגערטער באַשטייערונג פונם מיטלפּויער“, ב. II.

# קאַפּיטל XV. ק אָ מ י נ ט ע ר ן

„דריי פּעריאָדן“. — דער טאָך פון סטאַביליזאַציע. — ראַציאָנאַ־ליזאַציע. — די ניט־גלייכמעסיקייט פון דער סטאַביליזאַציע. — ווי־דערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם. — די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע. — די אנטשטייאונג פון קאָמינטערן. — אַלק"פּ (ב) און דער קאָמינטערן.—די פּראָגראַם פון קאָמינטערן. — אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּן. — די 21 באַדינגונגען. — די קעמערלעך.— די אָנפירונג מיטן קאַמף פון די מאַסן. — די פּראָפּאַריינען. — דער אָנטייל אינם פּאַרלאַמענט. — די טאַקטיק פון איינהייטלעכן פראָנט.

אונזער פּאַרטיי האָט זיך שטענדיק באַטראַכט אַלס איינעם פון די אָטריאַדן פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־אַרמיי. זייער קאַמף האָבן די באָלשעוויקעס שטענדיק פאַרבונדן מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. דער ניצחון איבערן אימ־פּעריאַליזם איז די זאַך פון אַלע אַרבעטנדיקע איבער גאָר דער וועלט. דעריבער דאַרפן די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען גיין ענג פאַרבונדן צווישן זיך. נאָך מאַרקס האָט געשאַפן דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד (ערשטער אינטערנאַציאָנאַל). דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געליטן אַ מאַפּאָלע בעאיים דער מילכאָמע, ווייל די מערהייט זיינע האָט אָנגעהויבן שטיצן די קאַפּיטאַליסטן. די באָלשעוויקעס האָבן געשאַפן דעם III־טן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צוליב דער אָנפירונג מיטן גאַנצן קאַמף פונם וועלט־פּראָלעטאַריאַט פאַר פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פאַר אַראָפּשלייערן דעם אימפּעריאַליזם.

## 1. די סטאַביליזאַציע פון קאַפּיטאַליזם

### „דריי פּעריאָדן“

די יאָרן, וואָס זיינען פאַריבער נאָך דער מילכאָמע, קאָן מען צעטיילן אַף דריי גרונט־פּעריאָדן.

דער ע ר ש ט ע ר פּ ע ר י אָ ד, באַלד נאָך דער מילכאָמע. דער וועלט־קאַפּיטאַליזם איז געווען גוואַלטיק צעטרייסלט. די אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט זיינען געווען שטאַרק כאָרעוו, דער האַנדל רואינירט, דאָס פּאַפּיר־געלט איז געפאַלן. עס זיינען פאָרגע־קומען עטלעכע רעוואָלוציעס און שטורמישע רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן. אין אַ ריי לענדער איז געשאַפן געוואָרן די סאָוועטן־מאַכט (באַיערן, אונגאַרן, פינלאַנד). צום סאָף פון דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט די בורזשואַזיע אָפּגעהאַלטן אַ ריי ניצחוינעס איבערן פּראָ־לעטאַריאַט און אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינעם אָנגריף.

דער צ ו ו י י ט ע ר פּעריאָד, אַן ערעך פון סאָף 1923 י., איז כאַראַקטעריסטיש מיט אַ באַשטימטער פאַרפעסטיקונג (סטאַביליזאַציע) פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און ווייטערדיקן אָנגריף פון דער בורזשואַזיע. גלייכצייטיק ווערט שנעל, אויפגעשטעלט

די ווירטשאַפט אין פסס"ר און עס וואַקסט די ווירקונג פון די קאָמפּאַרטייען אַף די פּראָלעטאַרישע מאַסן.

דער *דריטער* פּעריאָד איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און גלייכצייטיק דער פסס"ר יאָגן אַריבער דעם פאַרמילכאָמע־שטאַנד פון דער ווירטשאַפט. אין פסס"ר הויבט זיך אָן דער אַזוי גערופענער „רעקאָנסטרוקטיווער פּעריאָד" — דער וואוקס פון סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־פאָרמען אַף דער באַזע פון נייער טעכניק. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער וואַקסט שנעל די טעכניק, די צאָל טרעסטן פאַרגרעסערט זיך, גלייכצייטיק וואַקסן אָבער אויך די ווידערשפּרוכן פון דער וועלט־ווירטשאַפט. דער אַרבעטער־קלאַס ווערט לינקער. דער קלאַסנקאַמף פאַרשאַרפט זיך, עס וואַקסן קאָלאָניאַלע באַוועגונגען, עס קומט אָן דער פּעריאָד פון נייע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס. עס דערנענטערט זיך אַ נייער אַלגעמיינער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

## דער טאָך פון סטאַביליזאַציע

וואָס זיינען די סימאָנים פון דערדאָזיקער שטאַנדהאַפטיקייט? קוידעמקאָל אין דער אויפשטעלונג פון דער אינדוסטריע. אין 1921 יאָר איז דער קוילן־אַרויסבאַקום געווען אַף 20 פּראָצענט נידעריקער פונעם פאַרמילכאָמעדיקן, די טשוהון־אויסשמעלצונג האָט ניט דערגרייכט אַפילע אַ העלפט פון דעם, וואָס פאַר דער מילכאָמע, דער בוימוואָל־געברויך האָט באַטראָפן בלויז דרייפערטל פון פאַר דער מילכאָמע. אין 1926 יאָר יאָגט שוין אָן די וועלט־פּראָדוקציע אין אַלגעמיין דעם פאַרמילכאָמעדיקן צושטאַנד און אין אייניקע צווייגן הויבט זי שוין אָן אַפילע איבערצויאָגן (לעמאָשל, די שטאָל־פּראָדוקציע, דער בוימוואָל־געברויך). אין 1927 יאָר ווערט דער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע פאַרגעזעצט. דער קוילן־אַרויסבאַקום איז געוואָרן אַביסל העכער פונעם פאַרמילכאָמעדיקן, די טשוהון־אויסשמעלצונג — העכער אַף 8 פּראָצענט, שטאָל — אַף 31 פּראָצענט, בוימוואָל־געברויך — אַף 12 פּראָצענט. דער נאַפט־אַרויסבאַקום איז אין 1927 יאָר געווען אין 3 מאָל מער, איידער דער פאַרמילכאָמעדיקער. מע דאַרף אָבער באַמערקן, אַז דערדאָזיקער צווייג האָט זיך ביכלאַל שטורמיש אַנטוויקלט און אַפילע אין 1921 יאָר איז דער אַרויסבאַקום געווען צוויי מאָל אַזוי הויך ווי דער פאַרמילכאָמעדיקער. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויך די לאַנדווירטשאַפט. די פּראָדוקציע פון די פינף הויפּט־טוואָרעס איז אין 1927 יאָר אויסגעוואַקסן אַף 12 פּראָצענט העכער לעגאַבע דער פאַרמילכאָמעדיקער.

מע דאַרף אויך פאַרצייכענען די אויסשליסלעך שנעלע אַנטוויקלונג פון אייניקע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, וואָס טיילווייז זיינען זיי גאָר ניט לאַנג אַנטשטאַנען. ווי לעמאָשל, די פּראָדוקציע פון קינסטלעכן זייד, פון אַוטאָמאָבילן, די כעמישע פּראָדוקציע, עלעקטראָטעכנישע א. אַנד. קינסטלעכער זייד איז אין 1926 יאָר פּראָדוצירט געוואָרן קימאַט אין 10 מאָל מער איידער ביז דער מילכאָמע. די אַוטאָמאָבילן־פּראָדוקציע האָט דערגרייכט אין דער גאַנצער וועלט 28 מיליאָן שטיק (אין די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן מאַכט אויס צו איין אַוטאָמאָביל אַף 5 מאַן), די קאַוטשוק־פּראָדוקציע (אין צוזאַמענהאַנג מיטן וואוקס פון דער אַוטאָמאָביל־פּראָדוקציע) האָט זיך פאַרגרעסערט אין 1928 יאָר אין 6 מאָל.

צווייטנס, איז אַ ווייזער פון דער טײַלווייזער סטאַביליזאַציע די אויפשטעלונג פונם וועלט-האַנדל. אין 1926 יאָר האָט ער דערגרייכט קימאַט דעם פאַרמילכאָמעדיקן צושטאַנד, און אין 1927 יאָר האָט ער אים שוין איבערגעיאָגט.

דריטנס, איז כאַראַקטעריסטיש די אויפשטעלונג פון דער וואַלוטע. דאָס ענגלישע און פראַנצויזישע געלט האָט דערגרייכט זיין גאָלד-קורס. אין אַ ריי אַנדערע לענדער (פראַנקרייך, איטאַליע א. אַנד.) קומט פאָר אַ בעהאַדראָגעדיקע פאַרשטאַרקונג פון דער געלט-סיסטעם.

## ראַציאָנאַליזאַציע

דערדאָזיקער וואוקס פון דער פּראָדוקציע איז טײַלווייז פאַרבונדן מיט דעם, וואָס מע רופט אָן „ראַציאָנאַליזאַציע“. אָבער קוידעמקאָל דאַרף מע געדענקען, אַז דידאָזיקע בורזשואַזע ראַציאָנאַליזאַציע אונטערשיידט זיך שאַרף פון אונזער ראַציאָנאַליזאַציע. מיר שטרעבן אויפהויבן די פּראָדוקציע, ראַציאָנאַליזירנדיק (פאַרבעסערנדיק) די טעכנישע אויסשטאַטונג, די אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע, אויפהויבנדיק די געשולטקייט פונם אַרבעטער, פאַרינטערעסירנדיק אים אין דער ווירטשאַפט, אויפהויבנדיק דעם אַרבעטסלוין א. א. וו.

גאָר אַנדערש קומט פאָר די בורזשואַזע ראַציאָנאַליזאַציע. קוידעמקאָל באַשטייט זי אין אַ דרוק אַפן אַרבעטער-קלאַס. אומעטום זעען מיר אַ פאַרלענגערונג פונם אַרבעטס-טאָג ביז 9, 10, 12 שאָ. אין ענגלאַנד האָט מען אָנשטאָט 7 שאָ אַרבעט אייגעפירט פאַר די קוילנגרעבער 8 שאָ, אין איטאַליע האָט מען דעם 8 שאָאיקן אַרבעטס-טאָג פאַרביטן מיט אַ 9-שאָאיקן (אין אַ ריי פּראָדוקציעס דערגרייכט ער 10—12 שאָ). פונקט אַזאַ בילד איז אין פּוילן, אונגאַרן, באָלגאַריע א. א. וו.

צווייטנס, פירט די בורזשואַזיע אומעטום אַ ליניע אַף אַראָפּזעצן דעם אַרבעטסלוין. אין דייטשלאַנד איז דער רעאַלער אַרבעטסלוין פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער געווען אין 1927 יאָר נידעריקער פונם פאַרמילכאָמעדיקן, אין ענגלאַנד איז ער געווען אַף 10 פּראָצענט נידעריקער פונם פאַרמילכאָמעדיקן, אין פראַנקרייך — אַף 15—35 פּראָצענט נידעריקער פונם פאַרמילכאָמעדיקן, אין איטאַליע — 25 פּראָצענט א. א. וו.

דערביי קומט קימאַט אומעטום פאָר אַ ווייטערדיקע אַראָפּזעצונג — טײַלווייז אַ דירעקטע און טײַלווייז אַדאַנק דעם וואוקס פון די פּרייזן אַף די סכוירעס.

כדיי דעמדאָזיקן דרוק ווערן דורכגעפירט אויך אַנדערע ראַציאָנאַליזאַציע-מאָסמיטלען — לעמאָשל, דאָס איינפירן די פאָרד-סיסטעם. דאָסראָוו באַשטייען דידאָזיקע מאָסמיטלען אין דעם, וואָס זיי צווינגען דעם אַרבעטער אויסצוברענגען מער קרעפטן און נערוון אַף דער אַרבעט. דאָס פאַרגרעסערט די אַרבעטס-פּראָדוקטיווקייט, אָבער דאָס רייסט אונטער און צערט אויס דעם אַרבעטער. דאָס הייסט ווידעראַמאָל, אַז די סטאַביליזאַציע ווערט געבויט אַפן כעשבן פון פאַרערגערן דעם אַרבעטערס לאַגע.

צווישן אַנדערע מאָסמיטלען, וואָס העלפן מיט דער פּראָדוקציע, דאַרף מען דערמאָנען די אויסבילדונג פון מעכטיקע ווירטשאַפטלעכע פאַרייניקונגען (טרעסטן א. אַנד.) — באַזונדערס אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און אַמעריקע.

עס איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז די ווירטשאַפטלעכע סטאַביליזאַציע ווירקט אויך מיט דער געוויסער פּאָליטישער פאַרשטאַרקונג פון דער בורזשואַזיע. דאָס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, לעמאָשל, אין דעם, וואָס אין אַ ריי לענדער האָבן זיך פאַרפעסטיקט די בורזשואַזע פּאַרטייען און גרופּירונגען (אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, פּוילן א. א. וו.).

## די ניט גלייכמעסיקייט פון דער סטאַביליזאַציע

ווען מיר ריידן וועגן דער סטאַביליזאַציע פונם קאַפּיטאַליזם, דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז זי האָט אַ גאַנץ פאַרשיידענעם כאַראַקטער אין די פאַרשיידענע לענדער. קווידעמקאָל טיילן זיך אויס די פאַרייניקטע שטאַטן (און טיילווייז יאַפּאָניע), וואו די קאַפּיטאַליס־טישע אַנטוויקלונג גייט זייער שטורמיש, דערנאָך גייט דייטשלאַנד און פראַנקרייך, וואו די אויפשטעלונג פון דער אינדוסטריע גייט באַזונדערס ערפאָלגרייך. אין ענגלאַנד אָבער ווערט פאַרגעזעצט די יערידע פונם קאַפּיטאַליזם. אייניקע פון די האַלב־לאַנדווירטשאַפטלעכע לענדער (ווי פּוילן, יוגאָסלאַוויע, טיילווייז טשעכאָסלאָוואַקיע און עסטרייך) געפינען זיך אין אַ יערידע־צושטאַנד און אַפילע אין אַ צושטאַנד פון קריזיס און צעפאַלונג. ענדלעך, אין די קאָלאָניאַלע לענדער (ווי כינע, אינדיע) איז ביכלאַל ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן קיין שום שטאַנדהאַפטיקייט פונם קאַפּיטאַליזם.

מע דאַרף געדענקען, אַז די סטאַביליזאַציע פונם קאַפּיטאַליזם איז אַ ריין צייטווייליקע און זייער ניט שטאַנדהאַפטיקע דערשיינונג. סימאָנים פון אַזאַ ניטשטאַנדהאַפטיקייט זיינען פאַראַן זייער אַסאַך. מיר זעען, לעמאָשל, אַז די אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליס־טישער אינדוסטריע גייט זייער ניט גלייך, שטויסנוויים, מיט אַ פיבערהאַפטן, קרענק־לעכן טעמפּ.

צווייטנס, וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן די שפּרונגאַרטיקייט און ניט גלייכ־מעסיקייט פון דער אַנטוויקלונג אין די פאַרשיידענע לענדער.

ווייטער זעען מיר, אַז דער פּראָדוציר־אַפּאַראַט האָט ניט די פולע אָנלאָדונג. אַפילע אין די פאַרייניקטע שטאַטן זיינען די אונטערנעמונגען אָנגעלאָדן בלויז אויף דריי פערטל פון זייער מעכטיקייט.

ענדלעך, אַמערקווירדיקער באַוויז, אַז די סטאַביליזאַציע איז ניט שטאַנדהאַפ־טיק, איז די אָנגעוויפּהערלעכע אַרבעטסלאָזיקייט. די צאָל אַרבעטלאָזע אין ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פאַרייניקטע שטאַטן דערגרייכט פיל מיליאָנען. אויב ביז דער מילכאָמע איז אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד אויף יעדע הונדערט פּראָפאַריין־מיטגלידער אויסגעקומען 3—4 אַרבעטלאָזע. זיינען זיי איצט באַ 15—20.

## ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם

אומעטום קען מען זען אָט דיזאָזיקע ניט שטאַנדהאַפטיקייט. מע קען אָנווייזן פיר גרונט־ווידערשפּרוכן, וואָס צעטרייסלען זי. ריישיסקאָל — דער ווידערשפּרוך צווישן פּסס"ר און דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. צוויי סיסטעמען קעמפן אין דער וועלט — דער סאָציאַליזם און קאַפּיטאַליזם. דער סאָציאַליזם ווערט באַ

אונז געבויט אונטער דער אָנפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די פאַרפעסטי־קונג פון פסס"ר איז אַ שטענדיקע דראָאונג דעם קאַפּיטאַליזם. די עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור (אין מעשעד פון 13 יאָר) אין אַזאַ גרויס לאַנד באַווייזט שוין דעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, די אומגעהערטע פאַרשאַרפונג פון קלאַסן־קאַמף.

דער קאַפּיטאַליזם פאַרייניקט זייַנע קויכעס קעדיי צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ דער אַר־בעטער־רעפּובליק. אַרום פסס"ר פאַרייניקן זיך אָבער די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. דער פאַרייניקונג פון די קאַפּיטאַליסטן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט אַ לאַנד פון פּראָלע־טאַרישער דיקטאַטור, פאַר וועלכן עס זייַנען גרייט צו קעמפן מיליאָנען האַרעפּאַשני־קעס איבער גאָר דער וועלט.

צווייטנס, וואַקסן די ווידערשפּרוכן צווישן די קאַפּיטאַ־ליסטן גופא. די פאַרשטאַרקונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן און דער וואוקס פון זייער ראָלע אַלס וועלט־עקספּלאָאַטירער פאַרשאַרפט זייערע באַציאונגען מיטן אייראָפּע־אישן קאַפּיטאַליזם, קוידעמקאָל מיט ענגלאַנד. דער קאַמף צווישן די פאַרייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד ווערט דער יעסאָד פון אַלע וועלט־קאָנפליקטן. דער קאַמף צווישן די לענדער פאַר נאַפט, קוילן, בוימוואָל, מעטאַל, פאַר אַ נייער איבערטיילונג פון די מערק פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ נייער וועלט־מילכאָמע.

דריטנס, וואַקסן די ווידערשפּרוכן צווישן די קאָלאָניעס און יענע לענדער, צו וועלכע זיי געהערן (מעטראָפּאָליעס).

די כינעזישע רעוואָלוציע האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ דעם אימפּעריאַליזם. דער אומ־אויפהערלעכער קאַמף פון די אינדישע אַרבעטער און פּויערים (צום בייַשפּיל, דער שטרייק אין באָמבײַ, די צעשיסונג פון די שטרייקנדיקע) באַווייַזט, אַז אינדיע שטייט פאַר אַ נאָענטן רעוואָלוציאָנערן קריזיס. די רעוואָלוציע און אינדיע וועט דערלאַנגען ענג־לאַנד אַ שווערן קלאַפּ. עס גייט אַ קאַמף און אויפשטאַנדן אין די האָלענדישע קאָלאָניעס אַפן אינדישן יאַם, אין פאַרשיידענע טיילן פון אַפריקע א. א. וו.

פערטנס, עס וואַקסט אומפאַרמיידלעך אַ קריזיס אין די אימפּעריאַליסטישע לענדער גופא. דער אָנגריף פון דער בורזשואַזיע אַפן פּראָלעטאַריאַט רופט אַרויס אַ פאַר־שאַרפונג פון קלאַסנקאַמף. די מאַסן ווערן לינקער. די קאָמוניסטן געפינען אַלץ גייע אָנהענגער. די פּראָלעטאַרישע דעמאָנסטראַציעס (צום בייַשפּיל, דער ערשטער מאַי אין דייטשלאַנד) גייען איבער אין באַריקאַדן־שלאַכטן. די וועלט־רעוואָלוציע אַנטוויקלט זיך.

## 2. די פּראָגראַם און סטאַטוט פון קאָמינטערן

### די קאָנטר-רעוואָלוציאָנע-רע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע

זינט דער וועלט־מילכאָמע איז די פּראָלעטאַרישע ראָלע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע קלאָר ווי דער טאָג. אונטער אַ מאַסקע פון רעוואָלוציאָנערע פראַזן שטיצט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַף אַלערלייַ אויפנים די בורזשואַזיע. אירע קלעפּ האָט זי געווענדט אין דער ערשטער רייַ קעגן די קאָמוניסטן און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער.

די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע האָט געשטיצט די גענעראַלן, וואָס האָבן דערשטיקט דעם פּראָלעטאַרישן אויפשטאַנד (דײַטשלאַנד), געפירט אַ מילכאָמע קעגן פּסס"ר, געשטעלט זיך אַף דער זײַט פון קנעכט=אײַנגנטימער קעגן די קאָלאָניאַלע קנעכט, אײַנגעפירט מיליטער=געזעצן (פראַנקרײַך), דערשטיקט דעם קוילנגרעבער=שטרײַק (ענגלאַנד), פּאַרטײדיקט און געלויבט די אימפּעריאַליסטישע פעלקער=ליגע, געהאָלפן צעשיסן כינעזישע און אינדישע אַרבעטער און פּויערים.

דערבײַ ווירקט די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע דורך אירע צוויי פליגלען. דער ר ע כ ט ע ר, אָפן קאָנטער=רעוואָלוציאָנערער פליגל, שליסט דירעקט אַ בונד מיט דער בורזשואַזיע. דער ל י נ ק ע ר פליגל שפּילט זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע, כאַפּט אונטער די אַרבעטער, אין דערעמעסן אָבער פירן זיי דיזעלבע פאַרעטערישע פּאָליטיק. דעריבער זײַנען די „לינקע" סאָציאַל=דעמאָקראַטן אַצינד באַזונדערס געפערלעך. מיט זיי דאַרף מען באַזונדערס קעמפן.

די גרונט=אַרבעט פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן איז געווענדעט אַף צו שפּאַלטן דעם אַרבעטער=קלאַס, אַריבערציען אים אַף דער זײַט פון קאַפּיטאַליזם. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע איז אַצינד אַ טרײַער שטיצפּונקט פונם אימפּעריאַליזם.

אין אַזאַ קאָמפּליצירטער און שטורמישער צײַט איז געבאָרן געוואָרן און געוואַקסן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל.

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אונטער מאַרקס און ענגעלס אָנפירונג אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון דער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַרישקייט. ער איז אַנטשטאַנען, ווען עס זײַנען נאָך געווען פריש אין זיקאָרן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס פון מיטן XIX יאָרהונדערט (די רעוואָלוציע אין דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, עסטרײַך, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ענגלאַנד). ער איז זיך צעפאַלן באַלד נאָך דער מאַפּאָלע פון דער פּאַריזער קאָמונע 1871 י.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל (פון 1889 י.) איז אַנטשטאַנען און עקזיסטירט אין פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערן שטילשטאַנד, אין די יאָרן פון שנעלן קאַפּיטאַליסטישן וואוקס, פון דער גזיילע און צעטיילונג פון די קאָלאָניעס, ווען די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס האָבן שטאַרק עקספּלואַטירט די אָפּגעשטאַנענע לענדער. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אין טאָך פאַרייניקט בלויז די אַרבעטער פון אייראָפּע און טיילווייז פון אַמעריקע. דער פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע פעלקער אין כינע, אינדיע, אַפריקע, דער פּראָלעטאַריאַט פון די קאָלאָניעס האָט אין הערדאָזיקער פאַרייניקונג קיין אָנטייל ניט גענומען.

ווי נאָר עס איז קלאָר געוואָרן דער קראַך פונם 2=טן אינטערנאַציאָנאַל, האָט אונזער פּאַרטיי אַרויסגערוקט דעם לאָזונג — שאַפן אַ III רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל. שוין אין די ערשטע מילכאָמע=כאַדאָשים האָט לענין געשריבן וועגן דעם, אָנווייזנדיק, אַז די נײַע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרייניקונג פון די אַרבעטער קאָן מען אויסבויען בלויז אַף אַ רעוואָלוציאָנערער באַזע, ווען מע זאָל אַנטשיידן אייגרייסן סאַי מיט די אָפּאָרטוניסטן, סאַי מיט די צענטריסטן.

אַף דער אַפּרעל=קאָנפערענץ אין 1917 יאָר רוקט אַרויס די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי די אויפגאַבע צו שאַפן אַ נײַעם אינטערנאַציאָנאַל אַלס איר אָרדנטלעכע פּאַרטיי=אויפ=

גאַבע. דעם צ״ק ווערט געגעבן אַן אויפגאַבע טייקעף פאַרנעמען שריט צו גרינדן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

אַדאַנק די שטורעמדיקע געשעענישן אינעם קאַמף אַף די פראָנטן גיט זיך איין ערשט אין מאַרט 1919 יאָר צענויפרופן דעם ערשטן גרינדונגס-קאָנגרעס פונעם III אינטערנאַציאָנאַל. אַפן קאָנגרעס זיינען 50 פאָרשטייער פון 24 פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס (33 פאָרשטייער פון זיי מיט שטים-רעכט פון 19 פאַרטייען). די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דידאָזיקע קאָמוניסטישע פאַראייניקונגען זיינען נאָך ניט געווען קיין מאַסן-פאַרטייען, נאָר בלויז שטרעמונגען און גרופעס אין דער אַרבעטער-באַוועגונג.

אינעם מאַניפעסט פונעם קאָנגרעס איז געזאָגט געוואָרן: „אויב דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאָרויסגעזען די צוקונפטיקע אַנטוויקלונג און האָט אָנגעמערקט אירע וועגן, אויב דער צווייטער האָט צונויפגעזאַמלט און אָרגאַניזירט מיליאָנען פראָלעטאַריער, איז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל דער אינטערנאַציאָנאַל פון אָפענער מאַסן-אַקציע, דער אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערער פאַרווירקלעכונג, דער אינטערנאַציאָנאַל פון מאַיסים“.

אינעם יעסאָד פון דער אַרבעט פונעם ערשטן קאָנגרעס איז געלעגן די באַהאַנדלונג פון לענינס טעזיסן „וועגן דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און וועגן דער דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריאַט“. דידאָזיקע טעזיסן האָבן, אַף דער דערפאַרונג פון די רוסישע רעוואָלוציעס, אָנגעמערקט די פראָגראַם, טאַקטיק און די אָרגאַניזיר-יעסוידעס פון קאָמינטערן.

זיי האָבן אַרויסגערוקט דעם קאַמף פאַר דער דיקטאַטור און פאַר דער ראַטן-סיסטעם אַלס די אָרדנטלעכע אויפגאַבן פון די קאָמוניסטישע פאַרטייען. זיי האָבן קלאָר געמאַכט, אַז די בורזשואַזע מעלוכע-אָרדענונג קאָן דער זיגרייכער פראָלעטאַריאַט ניט אויסנוצן, נאָר מע דאַרף זי צעשלאָגן און פאַרבייטן מיט דער ראַטן-סיסטעם, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן באַ אונז. לענין האָט געגעבן אַן אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק פון אַלע אייגנטימלעכקייטן פון דער ראַטן-סיסטעם.

די טעזיסן האָבן אָנגעוויזן, אַז דער ניצאָכן פונעם פראָלעטאַריאַט איז מעגלעך בלויז, ווען די פאַרטיי פונעם פראָלעטאַריאַט וועט איינגאַנצן איינרייסן מיט די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס שטיצן ווייט מעגלעך די בורזשואַזיע. אונזער דערפאַרונג פונעם קאַמף מיט די מענשעוויקעס איז ברייט אויסגענוצט געוואָרן אַף אויסאַרבעטן די טאַקטיק פון די ברידערלעכע פאַרטייען. לענין האָט אונטערגעשטראָכן, אַז בלויז זעלבשטענדיקע און שטאַרקע פאַרטייען פונעם פראָלעטאַריאַט, וואָס שטיצן זיך אַף מאַרקס לערע און וואָס האָבן זיך אָפגערייניקט פון יעטווידער אָפּאָרטוניזם, וועלן זיין בעקויעד צו באַהעפטן דעם אַרבעטער-קלאַס און פירן אים צום ניצאָכן.

שוין אַפן ערשטן קאָנגרעס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די נויטיקייט פון אומלעגאַלער אונטערערדישער אַרבעט, וואָס דאַרף ריכטיק קאָאָרדינירט ווערן מיטן אָפענעם קאַמף.

מע דאַרף צוגעבן, אַז פון זיין סאַמע אַנטשטייאונג אָן האָט דער קאָמינטערן אָנגעהויבן זיך בויען אַלס פאַראייניקונג פון אַלע פראָלעטאַריער פון דער וועלט (איינשליסנדיק די כינעזער, אינדוסן, נעגרען א. א. וו.), און ניט אַלס אָרגאַניזאַציע פון בלויז ווייסע אַרבעטער (ווי דאָס איז געווען באַם II אינטערנאַציאָנאַל).

אזוי זיינען די לעניניש פרינציפן געלייגט געוואָרן אינם יעסאָד פונם III אינטער־נאַציאָנאַל.

## אלק"פ (ב) און דער קאָמינטערן

אונזער פּאַרטיי איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און הויפּט־אָנפירער פונם קאָמינטערן. דאָס איז געווען נאַטירלעך, אַף וויפל זי האָט געהאַט ניט בלויז אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונג אין לעניגס געניאַלע אָנפירונג, נאָר האָט אויך אין דער ווירקלעכקייט אָראָפּ־געוואָרפן די בורזשואַזיע און געשאַפן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

לענין האָט אָנגעוויזן, אַז די פּראָגראַם פון אונזער פּאַרטיי איז אין טאָך געקומען די פּראָגראַם פונם וועלט־באָלשעוויזם. און אירע פרינציפּן זיינען טאַקע געלייגט געוואָרן אינם יעסאָד פון אַלע פּראָגראַם־אַרויסטערעטונגען פונם קאָמינטערן.

אונזערע אָ ר גאַ ניזאַ ציאָ נ עלע פּרינציפּן זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַרן אויסבויען סיי דעם קאָמינטערן גופע און סיי אויך די באַזונדערע קאָמפּאַרטייען.

אונזער טאַ קטיק נוצן שטענדיק ברייט אויס די ברידערלעכע פּאַרטייען און דער קאָמינטערן אַלס מוסטער פון עכטער רעוואָלוציאָנערער און בויגעוודיקער טאַקטיק פונם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

די רעזאָלוציע וועגן „באָלשעוויזירן די פּאַרטייען" איז געווען איינע פון די כאַראַק־טעריסטישע רעזאָלוציעס פונם קאָמינטערן. באָלשעוויזירונג באַטייט אַריבערטראָגן אין אַלע קאָמפּאַרטייען דאָס, וואָס אינם רוסישן באָלשעוויזם איז געווען און איז פאַראַן אינטערנאַציאָנאַלעס, וואָס איז אָנווענדבאַר אויך פאַר די אַנדערע פּאַרטייען. דאָס, וואָס די אַנדערע פּאַרטייען האָבן דיסקאָנטירט און אויסגענוצט די דערפאַרונג פון אַלק"פּ אין די דריי רעוואָלוציעס, האָט זיי געבראַכט צו דער ווירקלעך לענינישער פּאָזיציע. אַזוי אַרום האָט די באָלשעוויזאַציע באַדייט — אָנווענדן די לענינישע פּרינציפּן צו דער קאָנ־קרעטער סיטואַציע אין דעם אָדער יענעם לאַנד, שאַפן אַ מאַסאָווע אַרבעטער־באַוועגונג אונטער דער פאָן פון מאַרקס און ענגעלסעס אידייען, פירן אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיטן אָפּאָרטוניזם, דעראָבערן אַף דער זייט פונם פּראָלעטאַריאַט דאָס קליין־פּויערטום א. א. וו.

האָבנדיק אַזאַ איינפלוס אַפן גאַנצן קאַמף פונם קאָמינטערן, פלעגט אונזער פּאַרטיי אין דערזעלבער צייט איבערגעבן אַף דער באַהאַנדלונג פון די קאָנגרעסן און פלענומען פונם אויספירקאָם פונם קאָמינטערן אויך אַלע וויכטיקסטע בעלוקעדייעס אירע. דער קאָמינטערן האָט ניט איין מאָל באַהאַנדלט די טאַקטיק פון אונזער פּאַרטיי. און ער פלעגט ענערגיש אונטערשטיצן אונזער פּאַרטיי אין איר קאַמף קעגן דעם טראָצקיזם, קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און אַנדערע אָפּאָזיציאָנעלע אָפּנויגן.

## די פּראָגראַם פון קאָמינטערן

די פּראָגראַם פון קאָמינטערן, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אַפן VI קאָנגרעס, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין מעשעך פון עטלעכע יאָר; אין יעסאָד פון דער פּראָגראַם ליגן יענע האַנאָכעס, וואָס מאַרקס און לענין האָבן אַנטוויקלט, עס איז געקומען געוואָרן אין אַכט די דערפאַרונג פונם פּראָלעטאַרישן וועלט־קאַמף, באַזונדערס די דערפאַרונג פוי אונזער פּאַרטיי.

די באַשטעטיקונג פון אַ פּראָגראַם פאַר אַלע קאָמפּאַרטייען איז אַן אויסערסט וויכטיקע דערשיינונג. ביז איצט האָט נאָך קיין איין קלאַס אין דער מענטשלעכער געשיכטע ניט אויסגעאַרבעט פאַר זיך קיין אייגהייטלעכע פּראָגראַם פון האַנדלונג.

דאָס אָנעמען אַן אייגהייטלעכע פּראָגראַם האָט באַטייט, אַז עס זייַנען שוין רייף געוואָרן די באַדינגונגען פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלער וועלט=רעוואָלוציע, אַז דער אַרבעטערקלאַס האָט שוין פאַרשטאַנען די הויפּט=אויפגאַבן און וועגן פון אַראָפּצושלייַדערן דעם קאַפּיטאַליזם און אייַנשטעלן אַ דיקטאַטור. דאָס האָט אויך געהייסן, אַז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז שוין אַווירקלעכער פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

די פּראָגראַם פון קאָמינטערן איז אַ פּראָגראַם פון קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער וועלט=דיקטאַטור, דערין ליגט די גרונט=אידייע פון דער פּראָגראַם. די פּראָגראַם גיט אַ מעכטיק געווער אין די הענט פונם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

די באַזונדערקייט פון דער פּראָגראַם באַשטייט דערין, וואָס זי גיט אַן אייגהייטלעכע טעאָרעטישע פאַראַלגעמיינערונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דערפאַרונג פונם קלאַסנקאַמף, דער אינטערנאַציאָנאַלער סיסטעם פון קאַפּיטאַליזם שטעלט זי אַנטקעגן די סיסטעם פון קאָמוניזם. זי איז אַ פּראָגראַם פון רעוואָלוציאָנערע קאַמף=מאַסים ניט בלויז פאַר די אַרבעטער פון די פאָרגעשריטענע לענדער, נאָר אויך פאַר די מיליאָניקע מאַסן אונטערדריקטע אין די קאָלאָניעס. זי באַלייכט די באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג פונם באָלשעוויזם און סאָציאַליסטישער בויאונג אין פסס״ר פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

די פּראָגראַם פון קאָמינטערן כאַראַקטעריזירט בלויז אין קורצן די גרונט=סימאָנים פון קאָמוניזם. די הויפּט=אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט אַף דערווייזן, אַז דער אונטערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז אומפאַרמיידלעך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז זיגן אין דער גאַנצער וועלט. זי גיט דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט אָנווייזונגען, ווי צו פירן דעם קאַמף, ווי צו דערשלאָגן זיך צו אַ שנעלערן ניצאָכן.

די פּראָגראַם קלייבט גענוי פאַנאַנדער אַלע באַזונדערקייטן פונם קאַפּיטאַליזם אין דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע.

די פּראָגראַם דעקט אויף די אומפאַרמיידלעכקייט פונם קאַפּיטאַליסטישן אונטערגאַנג, שטרייכט אונטער דעם וואוקס פון עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער און קאָלאָניאַלע פעלקער, די פאַרשאַרפונג פונם קלאַסנקאַמף, דעם וואוקס פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

ווייטער כאַראַקטעריזירט די פּראָגראַם דעם איבערגאַנג=פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם און דעם טאָד פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אַפן גרונט פון דער רוסישער דערפאַרונג ווערט פאַר אַלע קאָמפּאַרטייען אָנגעמערקט אַ גענויע טעטיקייט=פּראָגראַם נאָכן פאַרכאַפּן די מאַכט. עס ווערט באַזונדערס כאַראַקטעריזירט דער קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער און קאָלאָניעס.

אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל קלייבט די פּראָגראַם פאַנאַנדער די באַדייטונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין פסס״ר און שטעלט פעסט, אַז „אין פאַל, ווען די אים=

פּעריאַליסטישע מעלוכעס וועלן אָנפאַלן אַפן פסס"ר און מילכאָמע האַלטן מיט אים, דאַרף דער וועלט=פּראָלעטאַריאַט ענטפערן מיט דער טאָמע דרייסטער און אָנגעשלאָסענער מאַסן=אַרויסטרעטונג אין קאַמף פאַר אַראָפּשליידערן די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען אונטערן לאָזונג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און פאַרבאַנד מיטן פסס"ר".

די פּראָגראַם מערקט געגוי אָן די סטראַטעגיע און טאַקטיק פונעם קאָמינטערן און זיין קאַמף פאַר דיקטאַטור. באַזונדערס ווערט אונטערגעשטראָכן די פאַרעטערישע ראָלע פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך געשטעלט צו דינסט דער וועלט=בורזשואַזיע און איז די הויפט=באַזע פונעם אימפּעריאַליזם אינעם אַרבעטער=קלאַס און דער הויפט=סוינע פונעם קאָמוניזם אין די אַרבעטער=מאַסן.

גענוי אָנמערקנדיק די וועגן פון פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף פאַר מאַכט, ווייזט די פּראָגראַם אָן די גאַנצע וויכטיקייט פון דער ענגסטער פאַרבינדונג פון די קאָמוניסטישע פאַרטייען מיט דער גאַנצער אַרבעטער=מאַסע.

ענדלעך, ווייזט די פּראָגראַם אָן, אַז דער דערפאָלגרייכער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט איז ענג פאַרבונדן מיט אַ פעסטער אינטערנאַציאָנאַלער קלאַסן=דיסציפּלין. דידאָזיקע דיסציפּלין פאָדערט, אַז די פּריוואַטע און אָרטיקע אינטערעסן פון דער באַוועגונג זאָלן זיין אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע און לאַנגדויערנדיקע אינטערעסן.

די פּראָגראַם ענדיקט זיך מיט מאַרקס ווערטער: „די קאָמוניסטן האַלטן פאַר איבעריק צו באַהאַלטן זייערע אָנשויאונגען און פּלענער. זיי דערקלערן אָפן, אַז זייערע צילן קענען דערגרייכט ווערן בלויז דורכן אַראָפּשליידערן מיט גוואַלד די איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג".

„זאָלן די הערשנדיקע קלאַסן ציטערן פאַר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַריער קענען אין איר פאַרלירן בלויז זייערע קייטן. דעראָבערן וועלן זיי אָבער די גאַנצע וועלט". „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"

יעדער קאָמוניסט דאַרף גרינטלעך שטודירן די פּראָגראַם פון קאָמינטערן.

## אָרגאַניזאַציאָנס - פּרינציפּן

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט זייער צעשוואומענע אָרגאַניזאַציע=פאָרמען. די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן פלעגן אָננעמען רעזאָלוציעס הויפּטזאַכלעך פון דעקלאַראַטיוון כאַראַקטער און פלעגן אויסמיידן אָננעמען גאַנץ באַשטימטע רעזאָלוציעס איבער די פראַגן, וואָס האָבן אַרויסגערופן באַזונדערס גרויסע כעלוקעדייעס. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, וואָס האָט געאַרבעט צווישן די קאָנגרעסן איז געווען פאַקטיש אַ פּאָסט=אַדרעס פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אַבסאָלוט ניט געהאַט קיין שום מאַכט. אַלע פאַרטייען, וואָס זיינען אַריין אינעם אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיך געבויט, ווי זיי האָט זיך געוואָלט. מיט זייערע אינערלעכע איניאָנים האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל ניט פאַרנומען, קיין שום דירעקטיוון פלעגט ער די פאַרשיידענע פאַרטייען ניט געבן.

גאָר אַנדערש איז געבויט דער קאָמינטערן. דאָס איז אַ שלאַכט=אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דעם ציל אָנפירן דירעקט מיט די פּראָלעטאַרישע שלאַכטן צו פאַרכאַפּן די מאַכט און איינשטעלן די דיקטאַטור.

דער גרונט־ציל פונם קאָמינטערן איז פאָרמולירט אין זיין סטאַטוט אַלס קאַמף מיט אַלע מיטלען אַפילע מיט געווער אין די הענט פאַר אַראָפּוואַרפן די צווישנפעלקערלעכע בורזשואַזיע און שאַפן אַ אינטערנאַציאָנאַלע ראַטן־רעפּובליק אַלס דער ערשטער שטופע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

די שלאַכט־אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט פאָדערט, פאַרשטייט זיך, אַ גרויסן צענטראַליזם, אַ שטאַרקן אָנפירנדיקן צענטער, אַ שטאָלענע דיסציפּלין.

דער קאָמינטערן איז ניט עפּעס אַן אומבאַשטימטע פעדעראַציע פון פּאַרטייען, דאָס איז אַן א י י נ ה י י ט ל ע כ ע פ אַ ר ט י י פונם וועלט־פּראָלעטאַריאַט, וואָס אין איר זייַנען די פּאַרטייען פון די פאַרשיידענע לענדער בלויז טיילן, ס ע ק צ י ע ס פונם איינהייטלעכן גאַנצן. אַלע פּאַרטייען זייַנען מעכויעוו אויסצופילן אַלע באַשלוסן פון די אָנפירנדיקע קאָמינטערן־אָרגאַנען. די סעקציעס פון קאָמינטערן ווייסן בלויז פון איין איינהייטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער דיסציפּלין, וואָס פאַרזיכערט דעם זיגרייכן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט פאַר דער וועלט־דיקטאַטור.

די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פונם קאָמינטערן ווערט געבויט אַפן גרונט פון אונזער באַלשעוויסטישער דערפאַרונג און פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן פונם לעניניזם — דעמאָקראַטישער צענטראַליזם, שטרענגע דיסציפּלין, אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט.

די קאָנגרעסן פונם קאָמינטערן — גיבן ניט בלויז אַלגעמיינע דירעקטיוון, וואָס מוזן אויסגעפילט ווערן, נאָר זיי באַטראַכטן אויך אויספירלעך די טעטיקייט פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען און גיבן זיי דירעקטע אָנווייזונגען. דער אויספירקאָם, וואָס דער קאָנגרעס קלייבט אויס, האָט דיזעלבע אָנפירנדיקע מאַכט אין דער צייט צווישן די קאָנגרעסן. דאָס איז דער צ"ק פונם קאָמינטערן. זייַנע באַשלוסן זייַנען אַבסאָליוט אָבליגאַטאָרישע.

דער אויפירקאָם פון קאָמינטערן פירט אָן מיט די פּאַרטייען טאָג־איין טאָג־אויס און גיט שטרענג אַכטונג, אַז אַלע דירעקטיוון זאָלן פּינקטלעך אויסגעפילט ווערן. ער האָט רעכט אויסצושליסן מיטגלידער פונם קאָמינטערן און אַפילע גאַנצע אָרגאַניזאַציעס (אין געוויסע פאַלן מיט דער נאָכדעמדיקער באַשטעטיקונג פונם קאָנגרעס).

פאַר דער שטענדיקער אַרבעט טיילט אויס פון זיך דער אויספירקאָם אַ פּרעזידיום. פאַר באַזונדערס וויכטיקע פראַגן קלייבט זיך צונויף דער פאַרברייטערטער פּלענום, וואוהין עס ווערן איינגעלאַדן, כוץ די מיטגלידער פונם אויספירקאָם פונם קאָמינטערן, אויך פאָרשטייער פון די קאָמפּאַרטייען.

אַלע סעקציעס (ד. ה. די באַזונדערע פּאַרטייען) ווערן געבויט לויט אַן איינהייטלעכער סיסטעם און זייַנען אויך צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציעס מיט פעסטע צענטראַלע קאָמיטעטן. אומעטום איז דורכגעפירט דער פּרינציפּ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר צ ע נ ט ר אַ ל י ז ם, ד. ה. ברייטע אויסגעוויילטקייט פון די צענטראַלע און אַנדערע אָרגאַנען, זייער פּעריאָדישע באַריכט־אָפּגעבונג פאַר די וויילער, אָבליגאַטאָרישקייט פון די באַשלוסן פון די העכערע אָרגאַנען פאַר די נידעריקערע און אַ שטרענגע פּאַרטייאישע דיסציפּלין.

דער קאָמינטערן האָט זיך געבויט אינם פּראָצעס פון קאַמף מיטן אָפּאָרטוניזם, מיט דער פּשאָרעמאַכעריי, מיטן מענשעוויזם. עס איז נויטיק געווען, אַז זיינע אָרגאַניזיר־פּרינציפּן זאָלן זיין אַזוינע, וואָס זאָלן איבערלאָזן מעבויץ די טויערן אַלע ניטשטאַנד־האַפטיקע עלעמענטן און באַזונדערס יענע „צענטריסטן“, וואָס האָבן זיך געוואַקלט צווישן רעוואָלוציע און פּשאָרעמאַכעריי. די אידייאישע אויסגעהאַלטנקייט פון אַלע מיט־גלידער פונם קאָמינטערן און פון זייערע סעקציעס איז געווען אַן אָבליגאַטאָרישער באַדינג פון דער פעסטקייט פון דער נייער אָרגאַניזאַציע.

דעריבער האָבן אַ גרויסע באַדייטונג אין דער געשיכטע פונם קאָמינטערן געהאַט די „21 באַדינגונגען“ אַף אויפנעמען אינם III אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זיינען אָנגענומען גע־אַפּן צווייטן קאָנגרעס (1920 יאָר). גראָד אין דעמאָזיקן מאָמענט האָט די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג פון די מאַסן געשטויסן אַסאַך פירער פון די סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען צו אַ דערנעענטערונג מיטן III אינטערנאַציאָנאַל. מע האָט געמוזט זאָרגזאַם דורכזיפּן אַלע וואַקלדיקע און ניט שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטן.

די וויכטיקסטע פון דיזאָזיקע 21 באַדינגונגען זיינען געווען פאָלגנדיקע:

די פּאַרטייען איז פאָרגעלייגט געוואָרן צו ווערן קאָמוניסטישע ניט אַפן פּאַפּיר, נאָר אין דערווירקלעכקייט, ד. ה. איבערמאַכן זייערע נעמען אַף קאָמוניסטישע, פירן אַ אַל־טעגלעכע קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אינם גייסט פון די באַשלוסן פונם קאָמינטערן, אונטערוואַרפן די גאַנצע פּרעסע זייערע די צענטראַל קאָמיטעטן און אי־בערגעבן די אָנפירונג מיט דער פּרעסע די מער קאָנסעקווענטע כאַווירים א. א. וו.

צווייטנס, האָט זיך געפאָדערט איינצורייסן פולשטענדיק און אַנטשלאָסן מיט די רע־פאָרמיסטן (אָפּאָרטוניסטן) און מיטן צענטר. קאַמף קעגן דיזאָזיקע שטרעמונגען האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מוז און פאַר באַזונדערס וויכטיק. אַלע רעפאָרמיסטן און צענט־ריסטן האָבן געדאַרפט אַראָפּגענומען ווערן פון אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַרביטן ווערן מיט קאָמוניסטן.

דריטנס, די פּאַרטייען האָבן געדאַרפט ווערן איבערגעבויט אַף די פּרינציפּן פון דע־מאָקראַטישן צענטראַליזם, און כויץ דעם האָט געדאַרפט געשאַפן ווערן אַן אומלעגאַלער פּאַרטיי־אַפּאַראַט אינם פאַל פון אַ וואָסערן ניט איז אָנגריף מיצאַד דער בורזשואַזיע אַף דער מאַסן־פּאַרטיי.

פערטנס, איז פאָרגעלייגט געוואָרן די פּאַרטייען צו פירן אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט אין די פּראָפּאַרייען, אינם מיליטער און צווישן דעם פויערטום. באַזונדערס איז אונ־טערגעשטראָכן געוואָרן די נויטיקייט פון אַן ענגער פאַרבינדונג מיט די אַרבעטער און אונטערדריקטע פעלקער פון די קאָלאָניעס און דעמאַסקירן די טעטיקייט פון די אייגענע אימפּעריאַליסטן אין די קאָלאָניעס.

פינפטנס, איז געווען אַ פאָרשלאַג איבערצוקוקן און איבעראַרבעטן די פּראָגראַמען פון די פּאַרטייען אינם גייסט פון די באַשלוסן פונם קאָמינטערן.

אַלע באַשלוסן פונם קאָמינטערן האָבן געדאַרפט ווערן אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע פּאַרטייען. די פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן די פאַרפליכטונגען און טע־

זיםן, וואָס דער קאָמינטערן האָט אַרויסגעשטעלט, האָבן געדאַרפט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פּאַרטיי.

אַזוי אַרום זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן די גרונט־ראַמען פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידייאישער אויספורעמונג פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

## די קעמערלעך

די מערהייט פּאַרטייען, וואָס זיינען אַריין אינם קאָמינטערן, זיינען געווען אָרגאַניזירט אַנטשפּרעכנד דער פּריערדיקער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט, לויט די וואַל־קרייזן. דער דער קאָמינטערן האָט געהאַלטן פאַר נויטיק איבערצובויען זיי לויטן רוסישן מוסטער, ד. ה. אינם יעסאָד פון די פּאַרטייען לייגן די פּראָדוקציר־קעמערלעך. איצט איז דער גרונט פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, זייער פונדאַמענט — דאָס קעמערל אין דער אונטערנעמונג (אינם זאַוואָד, אין דער פאַבריק, שאַכטע, קאַנטאָר א. א. וו.), וואוהין עס דאַרפן אַריינגיין אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס אַרבעטן דאָרט. אַדאַנק אַזאַ געבוי איז די פּאַרטיי ענגער צונויפגעבונדן מיט די אַרבעטער־מאַסן און באַקומט אַ מער בוי־געוודיקע און באַווענגלעכע פאָרם.

מיטגליד פונם קאָמינטערן קאָן מען ווערן בלויז דורך אַ וועלכער ניט איז פּאַרטיי, און אין דער פּאַרטיי קאָן מען אַריין דורכן אונטערשטן קעמערל. אַזוי אַרום ווערט אַלס מיטגליד פון דער קאָמפּאַרטיי און פונם קאָמינטערן אַנערקענט יעדערער, וואָס אַנערקענט די פּראָגראַם און דעם סטאַטוט פון דער פּאַרטיי און פונם קאָמינטערן, וואָס איז אַ מיט־גליד פון דער ערשטשטאַפּלדיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס אַרבעט אין איר אַקטיוו, וואַרפט זיך אונטער אַלע באַשטימונגען פון דער פּאַרטיי און פונם קאָמינטערן און צאָלט רעגו־לער מיטגלידס־אָפּצאָל.

די מיטגלידער פון די קאָמפּאַרטייען דאַרפן אַריינגעצויגן ווערן אין דער רעגולערער אַלטעגלעכער אַרבעט. אין זייערע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען זיינען זיי מעכוייעוו צו האַלטן זיך ווי דיסציפּלינירטע מיטגלידער פון אַ שלאַכט־אָרגאַניזאַציע. ביז וואַנען עס ווערן אָנגענומען אַלגעמיין־פּאַרטייאישע באַשלוסן, ווערט דערלאָזט אַ פרייער מיינונגס־אויסטויש אין דער פּאַרטיי גופע, נאָכדעם, ווי דער באַשלוס איז אָבער אָנגענומען גע־וואָרן, זיינען אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער מעכוייעוו דורכפירן אים אין לעבן אָן שום פּאַינעם אומאַינעם.

ווי מיר זעען, האָט דער קאָמינטערן ברייט אויסגענוצט פאַר זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער בויאונג די דערפאַרונג פון אונזער פּאַרטיי.

די צאָל מיטגלידער פונם קאָמינטערן איז געוואַקסן אַזוי. אין 1921 יאָר זיינען געווען 1.651.000 (צוזאַמען מיט דער רק"פּ), אין 1924 יאָר — 1.305.000 (אָבער דערביי איז די צאָל מיטגלידער פונם קאָמינטערן אָן דער רק"פּ פאַרקלענערט געוואָרן פון 1921 יאָר קימאַט אין צווייען). איצט פאַרייניקט דער קאָמינטערן 55 פּאַרטייען מיט אַן אַלגעמיי־נער צאָל מיטגלידער פון 2 מיליאָן מאַן.

# 3. דער קאַמף פאַר די מאַסן

## די אָנפירונג מיטן קאַמף פון די מאַסן

די ערשטע צוויי קאָנגרעסן פונם קאָמינטערן זיינען פאָרגעקומען אינם פעריאָד, ווען די רעוואָלוציאָנערע מאַסן האָבן געשטורעמט דעם קאַפיטאַליזם, וואָס האָט זיך געוואַקלט נאָך דער מילכאָמע. אַפן דריטן קאָנגרעס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער דירעקטער שטורעם איז אָפגעשלאָגן געוואָרן און מע מוז איבערגרופירן די קרעפטן פאַר אַ מער אַקשאָנעמדיקן און לאַנגדויערנדיקן קאַמף.

דעמאָלט האָט זיך מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט אַרויסגעוויזן די נויטיקייט צוציען צו די קאָמפאַרטייען די ברייטסטע מאַסן. דער מאַניפעסט פונם III קאָנגרעס האָט געזאָגט: „דער קאַמף דאַרף זיין אַזוי צוגעגרייט און אָרגאַניזירט, אַז ער זאָל פאַרכאַפן די ברייטסטע מאַסן, אַז די ברייטסטע מאַסן זאָלן אין אים זען דעם קאַמף פאַר זייערע לעבנס אינטערעסן און ער זאָל זיי מאָביליזירן“.

די פראַגע וועגן דעראָבערן אַף אונזער זייט די מערהייט פראָלעטאַריער איז געשטאַנען איז צענטער פון קאָנגרעס. לענין האָט געזאָגט: „ווער אין אייראָפע פאַרשטייט ניט, אַז מיר מוזן דעראָבערן די מערהייט פונם אַרבעטער-קלאַס, דער איז פאַרלאָרן פאַר דער קאָמוניסטישער באַוועגונג“. וואַרפנדיק דעם לאָזונג: „אין די מאַסן“, האָט דער III קאָנגרעס צוגעגעבן: „רייניקט אָפּ אייערע רייען פון יענע עלעמענטן, וואָס זיינען אימשטאַנד צו פאַרדאַרבן דעם קאַמפס-גייסט און קאַמפס-דיסציפלין פון די שלאָג-אָטריאַדן פונם וועלט-פראָלעטאַריאַט“.

לענין האָט אַפן קאָנגרעס אָנגעוויזן, אַז דער ניצאָכן איבערן קאַפיטאַליזם פאָדערט אַ ריכטיקע צווישנפאַרהעלטעניש צווישן דער פאַרטיי און דעם קלאַס, צווישן דער אָנפירנדיקער קאָמוניסטישער פאַרטיי און דער מאַסע, ד. ה. מיט אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע. ער האָט באַטאָנט, אַז די פאַרטיי וועט זיין בעקויעד אָנצופירן מיטן קאַמף קעגן דעם קאַפיטאַליזם, נאָר אין פאַל, אויב זי „האָט באַוויזן פאַרבינדן זיך פעסט מיטן גאַנצן לעבן פון איר קלאַס, און דורך אים מיט דער גאַנצער מאַסע עקספּלואַטירטע און איינפלאַנצן אין דעמדאָזיקן קלאַס און אין דעראָזיקער מאַסע דעם פולן צוטרוי“.

אויסנוצנדיק די גאַנצע דערפאַרונג פונם באָלשעוויזם, באַזונדערס אינם פעריאָד צווישן פעוורואַל און אָקטיאַבר 1917 יאָר, האָט לענין אָנגעוויזן, אַז „צו די מאַסן דאַרף מען זיך אויסלערנען צוצוגיין באַזונדערס געדולדיק און פאָרזיכטיק, קעדיי צו קאָנען פאַרשטיין די אייגנטימלעכקייטן, די אייגנאַרטיקע פּסיכאָלאָגיע-שטריכן פון יעדן שיכט, פאַך און ד. גל. פון דעראָזיקער מאַסע“.

די קאָמפאַרטייען האָבן געמוזט קעמפן קעגן דעם, אַז דער פראָלעטאַריאַט זאָל זיך איינשליסן אין ענג-צעכישע ראַמען. דער פראָלעטאַריאַט און זיין פאַרטיי זיינען מעכויעוו אַרויסצוטרעטן אַלס אָנפירער פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין זייער גאַנצער אַלטעגלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

די קאָמפאַרטייען זיינען מעכויעוו צו באַטייליקן זיך דירעקט אינם קאַמף פון די אַרבעטער-מאַסן און, אָנפירנדיק מיט אים, שאַפן מאַסן-פאַרטייען. בלויז דעמאָלט, ווען

זיי וועלן זיך שטעלן בעראָש פונם לויפנדיקן פראַקטישן קאַמף פונם פראָלעטאַריאַט, קאָנען זיי דעראָבערן די מאַסן צום קאַמף פאַר דער דיקטאַטור.

דער קאָמינטערן האָט אַנערקענט די נויטיקייט צו קעמפן אויך פאַר טיילווייזע פאָדערונגען. פאַרשטייט זיך, די גאַנצע אַגיטאַציע און פראָפּאַגאַנדע פון די קאָמוניסטן האָט באַוויזן, אַז באַם קאַפּיטאַליזם איז ניט מעגלעך קיין שום ערנסטע און פעסטע פאַרבעסערונג פונם גוירל פון אַרבעטער=קלאַס. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז דער פראָלעטאַריאַט דאַרף זיך אָפּזאָגן קעמפן פאַר זיינע אַלטעגלעכע, דרינגענדיקע לעבנס=באַדערפענישן, ביז ער וועט ניט אויסקעמפן די דיקטאַטור.

די קאָמוניסטן דאַרפן זיך באַטייליקן אין אַלע אייניפאַכסטע צוזאַמענשטויסן און באַוועגונגען פונם אַרבעטער=קלאַס, אין אַלע קאָנפליקטן וועגן דעם אַרבעטס=טאָג, אַרבעטס=לוין א. אַנד. בלויז מיט דער הילף פון אַזאַ אַלטעגלעכער אַרבעט וועלן די קאָמוניסטן קאָנען ווערן די עכטע אָנפירער פון די מאַסן און פאַרוואַנדלען זייער פאַרטיי אין אַ ווירקלעך מאַסאָווער. די דערפאַרונג פון אייניקע קאָמפּאַרטייען פאַר די לעצטע יאָר אַרבעט באַווייזט, אַז אַזאַ קאַמף פון די קאָמוניסטן פאַר טיילווייזע פאָדערונגען פון די אַרבעטער=מאַסן קאָן דינען אַלס גלענצנדער מיטל צו דעמאַסקירן די סאָציאַל=פשאָרעמאַכעריי, פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג פון די קאָמפּאַרטייען מיט די מאַסן, הויבט אויף דעם אַוטאָריטעט פון דער קאָמפּאַרטיי ווי פון אַ ווירקלעכער קלאַסן=פּאַרטיי פון פראָלעטאַריאַט.

## די פראָפּאַריינען

קעמפנדיק פאַר דעראָבערן די מאַסן אַף זייער זייט, דאַרפן די קאָמוניסטן אַקטיוו באַטייליקן זיך אין די פראָפּאַריינען. די פראָפּאַריינען זיינען שטענדיק אַ ברייטערע אָרגאַניזאַציע, אַ מער מאַסאָווע, איידער די פּאַרטיי, זיי נעמען אַרום קימאַט אַלע אַרבעטער. דורך זיי שליסט זיך די פּאַרטיי צונויף מיטן קלאַס באַזונדערס ענג.

אַזוי ווי אין מאַירעוו געפינט זיך אַ באַדייטנדיקער טייל פראָפּאַריינען באַ די „געלע“ אין די הענט, באַ די רעאַקציאָנערן, וואָס טאַנצן אַפן שטריקל באַ דער בורזשואַזיע, האָט זיך צווישן אייניקע „לינקע“ קאָמוניסטן גענומען אַ באַשלוס ניט צו באַטייליקן זיך אין די געלע פראָפּאַריינען, אַוועקגיין פון זיי. לענין און דער גאַנצער קאָמינטערן האָבן זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן דעראָזיקער ליניע. „די גאַנצע אויפגאַבע פון די קאָמוניסטן איז קאָנען איבערצייגן די אָפּגעשטאַנענע, קאָנען אַרבעטן צווישן זיי, און ניט אָפּצאַמען זיך פון זיי מיט אויסגעטראַכטע קינדערשע „לינקע“ לאָזונגען“, — האָט געשריבן לענין. די קאָמוניסטן זיינען מעכויעוו צו זיין צווישן דער מאַסע, דעראָבערן מיט מאַיסים דעם מיטגעפיל און די אונטערשטיצונג פון די מאַסן. אָפּזאָגן זיך אַרבעטן אין די רעאַקציאָנערע פראָפּאַריינען הייסט איבערלאָזן די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער=מאַסן אונטערן איינפלוס פון די רעאַקציאָנערע פירער, פון די אַגענטן באַ דער בורזשואַזיע.

שאַפנדיק זייערע קאָמוניסטישע פראַקציעס אין די פראָפּאַריינען, פירן אָן די קאָמפּאַרטייען דורך זיי מיט דער אַרבעט פון די פראָפּאַריינען און מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פונם אַרבעטער=קלאַס.

דער קאָמינטערן וואַרפט אָפ אַנטשיידן די לערע פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז די פראָפאַרייִנען דאַרפן זײַן נייטראַל, ד. ה. אַז זיי דאַרפן שטיין אָן אַ זייט פון דער פאַרטיי און פונם פאָליטישן קאַמף. דידאָזיקע לערע איז בלויז נוצלעך דער בורזשואַזיע. די פראָפאַרייִנען דאַרפן אַרבעטן אין ענגן בונד מיט די קאָמפאַרטייען און אונטער זייער אָנפירונג. דער קאָמינטערן פירט אָן ניט בלויז מיטן פאָליטישן קאַמף פונם פראָלעטאַריאַט, נאָר אויך מיט אַלע מינים פון זײַן קאַמף: דעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן א. אַנד.

## דער אָנטייל אינם פאַרלאַמענט

ווען אייניקע אייראָפעאישע באַוויירים האָבן פאָרגעלייגט אָפזאָגן זיך פון באַטייליקן זיך אין די בורזשואַזע פאַרלאַמענטן, ווײַל דער פאַרלאַמענטאַריזם האָט זיך אויסגעלעבט, האָט לענין קעגן דעם דערווידערט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז פאַר אונז איז דער פאַרלאַמענטאַריזם אויסגעלעבט, אָבער ער איז ניט אויסגעלעבט אין די לענדער פונם קאַפיטאַליזם פאַר דער גאַנצער אַרבעטער-מאַסע.

דעריבער דאַרפן מיר אויסנוצן דאָסדאָזיקע געווער פונקט אַזוי ווי די באָלשעוויקעס האָבן אַמאָל אויסגענוצט זייער אָנטייל אין דער מעלוכע-דומע, האַגאַם אין דער דריטער און פערטער דומע האָבן דעם טאָן געגעבן די שוואַרצמייעניקעס. מאַקע קעדיי דערציען די מאַסן זײַנען די קאָמוניסטן מעכויעוו צו אַרבעטן אויך אינם בורזשואַזן פאַרלאַמענט, אויסנוצן די פאַרלאַמענט-טריבון אַף אַרויסצושטעלן פאַר דער וועלט די קלאַסן-פאָדערונגען פון פראָלעטאַריאַט, דעמאַסקירן די צעפוילטקייט פונם קאַפיטאַליזם און זײַנע אָנהענגער — די געלע סאָציאַליסטן, רופן צו דער קומענדיקער אינטערנאַציאָנאַלער פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

## די טאַקטיק פונם אייגהייטלעכן פראָנט

אַלס אייגעם פון די מיטלען צו קעמפן פאַר די מאַסן האָט דער קאָמינטערן אַרויסגערוקט די טאַקטיק פונם אייגהייטלעכן פראָנט. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין יענע יאָרן (1921—1922 יאָרן), ווען דער קאַפיטאַליזם איז אַריבער אין אַן אָנגריף, האָט דורכגעפירט אַ ריי לאָקאַוטן, האָט פאַרלענגערט דעם אַרבעטס-טאָג א. א. וו. דער פראָלעטאַריאַט האָט געזען, אַז איינע פון די סיבעס, פון די מאַפאָלעס איז זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע צעשפליטערקייט. בײַ די מאַסן איז געווען אַ דראַנג צו אייגהייט, וואָס די אָפאָרטוניסטן האָבן איר מיט אַלע מיטלען געשטערט.

דער קאָמינטערן האָט דאַן אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון אייגהייטלעכן פראָנט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער אייגהייטלעכער אַרבעטער-פראָנט הייסט די אייגהייט פון אַלע אַרבעטער, וואָס זײַנען גרייט צו קעמפן קעגן קאַפיטאַל, די מאַקסימאַלע פאַרייניקונג פון אַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס און יעדער אומיטלבאַרער אַרויסטרעטונג קעגן דעם פראָנט פון קאַפיטאַל.

עס האָט זיך גערעדט וועגן קאָאָרדינירן די פראַקטישע אַקציעס, לעמאָשל, געמייַנזאַם אָרגאַניזירן שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס א. א. וו. די טאַקטיק פון אייגהייטלעכן פראָנט איז געווען געווענדעט אויך קעגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און דעם II אינטער-

נאַציאָנאַל. מיט דער הילף פון דערדאָזיקער טאַקטיק האָבן די קאָמוניסטן געקאָנט אָפדייסן די מאַסן פונם אידייאישן איינפלוס פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער.

דורכפירנדיק דידאָזיקע טאַקטיק, האָבן די קאָמוניסטן געשטרעבט צו אַן איינפאַרשטענדעניש און אַ פאַראייניקונג מיט די אונטערשטע שיכטן, ד. ה. מיט די פראָלעטאַריער, ווען אַפילע די סאָציאַל־פשאָרעמאַכערישע פירער האָבן זיך געשטעלט קעגן דער פאַראייניקונג. מע האָט געמוזט אין דער טאַט באַווייזן די מאַסן, אַז בלויז די קאָמוניסטישע פאַרטייען זיינען גרייט אַנטשיידן און ענערגיש צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאַט און שטרעבן צו דער ווירקלעכער פאַראייניקונג פונם פראָלעטאַריאַט קעדיי צו קעמפן קעגן דעם קאַפיטאַליזם.

די טאַקטיק פונם איינהייטלעכן פראָנט איז קוידעמקאָל אַ דערנעענטערונג פון אונטן, ד. ה. אַן איינפאַרשטענדעניש מיט די מאַסן גופע וועגן געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען, אָבער דאָסדאָזיקע מיטווירקן פון אונטן מוז אָפטמאָל זיין פאַרבונדן מיט איינציקע אונטערהאַנדלונגען מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער, אַף וויפל נאָך זיי גייט אַ גרויסער טייל אַרבעטער. אָבער דאָס קומט אויס צו טאָן בלויז קעדיי צו דעמאַסקירן די דאָזיקע „פירער“ פאַר די אַרבעטער.

אָבער באַ קיינע באַדינגונגען טאָרן די קאָמפאַרטייען ניט בינדן זייער זעלבשטענדיקייט און בעשום אויפן ניט אָפזאָגן זיך פונם קאַמף קעגן די ס. ד. און אַנדערע פאַרטייען. דער איינהייטלעכער פראָנט איז ניט קיין ציל פאַר זיך, נאָר בלויז אַ מיטל אַף פאַראייניקן די מאַסן אינם קאַמף קעגן דעם אימפעריאַליזם און די סאָציאַל־פאַרעטער.

די פירער פון די ס.־ד. האָבן אָנגענומען, פאַרשטייט זיך אַלע מאָסמיטלען, קעדיי דורכצוואַרפן די טאַקטיק פון איינהייטלעכן פראָנט. אונטערן דרוק פון די מאַסן האָבן זיי געמוזט איינגיין אַף אונטערהאַנדלונגען מיט די קאָמוניסטן. אַזוי איז אין 1922 יאָר פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן און עס איז אַפילע געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע אַף צונויפרופן אַ געמיינזאַמע קאָנפערענץ, אָבער אַדאַנק דעם סאַבאָטאַזש פון די ס. ד. האָט זיך דער איניען ווייטער ניט גערירט פונם אָרט. צוליב דעם איינהייטלעכן פראָנט איז געשאַפן געוואָרן דער ענגליש־רוסישער קאָמיטעט. אויך זיין אַרבעט האָבן אַרונטערגעריסן די ענגלישע רעכטע טריידיוניאָניסטן. ענדלעך, ווערט געפירט פאַרן איינהייטלעכן פראָנט אַ אומדערמידלעכע אַרבעט פון די קאָמוניסטן אויך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

אינם פעריאָד פון די פאַרשאַרפטע שלאַכטן האָט דער קאָמינטערן, ניט אָפזאָגנדיק זיך פון דער גרונט־פאָדערונג — דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט, אַרויסגערוקט דעם לאָזונג, „אַרבעטער־רעגירונג“. די אַרבעטער־רעגירונג וואָלט געדאַרפט באַוואָפענען דעם פראָלעטאַריאַט, אַנטוואָפענען די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, איינפירן אַ קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע א. א. וו. דערדאָזיקער לאָזונג איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דער טאַקטיק פונם איינהייטלעכן פראָנט.

נאָכהער איז אָנגעמערקט געוואָרן דער לאָזונג — „אַרבעטער־פויערשע רעגירונג“.— דאָס איז געווען אַן איבערזעצונג פונם לאָזונג „דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט“ אַף דער שפראַך פון די פאָלקס־מאַסן. ער האָט פאַרברייטערט די באַזע פאַר דערפירן אין דער פראַקטיק דעם לאָזונג איינהייטלעכער פראָנט.

דער ניינטער פּלענום פונם אויספּירקאָם פונם קאָמינטערן (1928 יאָר) האָט געגעבן ווייטערדיקע דירעקטיוון אָפּן געביט פון איינהייטלעכן פראָנט און פון דער טאַקטיק פון די קאָמוניסטן אינם איצטיקן מאָמענט. ער האָט פאָרגעלייגט די קאָמפּאַרטייען באַטייליקן זיך אַקטיווער אינם שטרייק-קאַמף, נעמען צו זיך אין די הענט די אָנפירונג מיט די שטרייקן, דעמאַסקירן די רעפאָרמיסטן און קעמפן קעגן זיי. דער פראַנצויזישער און ענגלישער פּאַרטיי איז פאָרגעלייגט געוואָרן אַרויסשטעלן זייערע אייגענע קאַנדידאַטן באַ די וואַלן קעגן די קאַנדידאַטן פון די פּשאָרעמאַכערשע, „אַרבעטערשע“, ס.-ד. פּאַרטייען. עס זיינען געגעוו אָנגעוויזן געוואָרן די מאַסמיטלען צו פאַרשטאַרקן די פּראָפּאַרייען און דעם איינפלוס פון די קאָמפּאַרטייען אין זיי.

---

## קאָנטראָל-פראַגן

1. אַף וואָסערע דריי פּעריאָדן טיילט זיך דער נאָכמילכאָמעדיקער עטאַפּ פון דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם און וואָסערע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פאַרמאָגט יעדערער פון זיי?
2. פאַרוואָס איז די איצטיקע סטאַביליזאַציע פונם קאַפּיטאַליזם אַ צייטווייליקע און ניט-שטאַנדהאַפטיקע?
3. פאַרוואָס איז די אַלק"פּ(ב) די אָנפירנדיקע פּאַרטיי אינם קאָמינטערן?
4. אין וואָס באַשטייט דער טאַק פונם איינהייטלעכן פראָנט, וואָס דער קאָמינטערן פירט דורך?
5. פאַרוואָס דאַרפן די סעקציעס פונם קאָמינטערן באַזונדערס פאַרשאַרפן דעם קאַמף מיטן סאָציאַלדעמאָקראַטיזם?

## פּראַקטישע פאַרגעבונגען

1. לאַדט איין אַף די לימודים אין אייער שול די אָנפירער פון מאָפּר- און אָסאַוויאַכים-קעמערלעך, מיט זיי צוזאַמען קלייבט פריער אַפּ די געהעריקע מאַטעריאַלן וועגן זייער אַרבעט און באַהאַנדלט דערנאָך אַף די לימודים די וועגן און מעטאָדן ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט פון דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

## ליטעראַטור

1. פּראָגראַם פון קאָמינטערן, צווייטער אָפּטייל, קאַפּיטלען 2, 3 און 4.
2. בוכאַרין. — די צווישנפעלקערלעכע לאַגע און די אויפגאַבן פון קאָמינטערן.
3. לענין; ב. VI, ט. 2 (אידישע אויסגאַבע) „וועגן די טנאָאים פון אויפנעם אינם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל“, ז. 255.

# קאַפּיטל XVI. קאָמינטערן

די פּאָליטיק אין דאָרף. — דאָס פּויערטום בײַ דער דיקטאַטור. — די קאָלאָניאַלע פראַגע. — די כינעזישע רעוואָלוציע. — אינדיע אונטער ענגלאַנד. — די רעכטע אָפּנויגן. — די „לינקע” אָפּנויגן. — פאַרייניקטע שטאַטן. — ענגלאַנד. — דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך. — דער מיזרעך. — די אָנוואַקסנדיקע ווידערשפּרוכן פון דעם אימפּע-ריאַליזם. — די מילכאָמע-געפאַר. — עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען. — קאָנצעסיעס. — די פּאָליטישע פאַרבינדונגען. — דער קאַמף קעגן פ.ס.ס.ר. — זײַ גרייט.

## די פּאָליטיק אין דאָרף

דער II אינטערנאַציאָנאַל און זײַנע פּאַרטייען האָבן קימאַט ניט געפירט קיין אַרבעט צווישן דעם פּויערטום און האָבן ניט צוגעגעבן קיין באַדײַטונג דער דערנענטערונג פון דער אַרבעטערשער און פּויערשער באַוועגונג.

דער III אינטערנאַציאָנאַל האָט אויך אין דעמדאָזיקן פאַל דיסקאָנטירט די דערפאַרונג פון אונזער פּאַרטיי. שוין זײַן צווייטער קאָנגרעס האָט געווענדעט די אויפמערקזאַמקייט אַף דער *אַגראַרער פראַגע* און אַף דער באַציאונג צום *פּויערטום*.

ער האָט אָנגעוויזן, אַז פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דאָרף איז ניטאָ קיין אַנדער רעטונג, סאַידן אינם בונד מיטן קאָמוניסטישן פּראָלעטאַריאַט, אינם מעסירעסנעפעשדיקן אונטערשטיצן זײַן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די פּריצים און די בורזשואַזיע. די אינדוסטריעלע אַרבעטער, ווידער, קאָנען אויך ניט אויספילן זייער היסטאָרישע אויפגאַבע צו באַפרייען די מענטשהייט פונם יאָך פונם קאַפּיטאַל, אויב זיי וועלן זיך אײַנשליסן אין זייערע ענג פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן און וועלן ניט אָנפירן מיטן קאַמף פון אַלע האָרעפּאַשניקעס און אונטערדריקטע. צוליב דעם דאַרף מען פאַראייניקן אַרום די קאָמפּאַרטייען די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דאָרף.

דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט דאַרף צוציען אין דאָרף אַף זײַן זייט קוידעמקאָל דעם *לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָלעטאַריאַט*, צווייטנס, דעם *האַלב-פּראָלעטאַריאַט*, ד. ה. יענע פּויערים, וואָס לעבן טיילווייז פון זייער ערד און טיילווייז פון לוין-אַרבעט באַם באַלעבאָס און, ענדלעך, *יענעם קליין-פּויערטום*, וואָס שפּײַזט זיך קוים קוים פון זײַן שטיקל ערד און באַנוצט זיך ניט מיט דער אַרבעט פון באַטראַקעס.

די ערשטע צוויי גרופּעס וועלן זײַן די זיכערסטע פאַרבינדעטע פונם פּראָלעטאַריאַט. דאָס קליין-פּויערטום וועט זײַן ווייניקער שטאַנדהאַפטיק, דאָך קאָן עס אויך צוגעצויגן ווערן אַף דער זייט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

וואָס איז שאַיעך דאָס מאַירעוו-אייראָפּעאישע מיטלפּויערטום (ד. ה. יענעם שיכט, וואָס פאַרמאָגט געוויסע מויסרעס פון זײַן ערד און גאַנץ אָפט באַנוצט עס זיך מיט לוין-אַרבעט), איז אים דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אינם פּעריאָד פון קאַמף

פֿאַר דער מאַכט, שטרעבן צו נייטראַליזירן, מאַכן פֿאַר אומשעדלעך. צוציען אים אַף זיין זייט קאָן ער ניט. אָבער נאָך דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער דיקטאַטור פֿונם פּראָלעטאַריאַט וועט אינם טאָג־סיידער זיך שטעלן די פֿראַגע וועגן אַן ענגערן בונד אויך מיט דעמדאָזיקן שיכט. דערבײַ קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן צעטיילן די מאַכט.

ענדלעך, דאָס גרויסע, באַלעגופּישע פּויערטום וועט זיין אַ דירעקטער און אַנטשלאָסענער סוינע פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין דאָרף. דער פּראָלעטאַריאַט וועט אומבעראַכמאָנעסדיק דערשטיקן יעדן ווידערשטאַנד מיצאַד די באַלעגופּים.

## דאָס פּויערטום באַ דער דיקטאַטור

נאָכדעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט דעראָבערט די מאַכט, ענדערן זיך וועזנטלעך אַלע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. די ענדערונג קומט פֿאָר אויך אין דאָרף, וואו דער פּראָלעטאַריאַט הויבט אָן צו פֿאַרווירקלעכן די סאָציאַליסטישע איבערבויאונג פֿון די פּויערשע ווירטשאַפֿטן. ווען די אינדוסטריע איז פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכט און די בענק זיינען נאַציאָנאַליזירט, קאָן די פּויערשע ווירטשאַפֿט זיך באַוועגן צום קאָמוניזם, אויסמיידנדיק די קאַפּיטאַליסטישע פֿאָרמען. מיט דער הילף פֿון דער קאָאָפּעראַציע, לעמאָשל, וועט מען קאָנען דירעקט אַריבערפֿירן די קליינע פּויערשע ווירטשאַפֿט אַף סאָציאַליסטישע רעלסן.

פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט וועט אין דעמדאָזיקן פּעריאָד זיין די גרונט־אויפֿגאַבע איינצולעבן זיך מיטן פּויערטום, ד. ה. פֿירן אַזאַ פּאָליטיק, וואָס זאָל, ניט אָפּשוואַכנדיק די דיקטאַטור, צוציען אַף זיין זייט אויך דאָס מיטלפּויערטום. דער בונד מיטן פּויערטום וועט זיין דער וויכטיקער באַדינג פֿאַר דער בויאונג פֿונם סאָציאַליזם.

דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אויך דעראָבערן אַף זיין זייט אַ טייל פֿון דעם שטאָטישן קליינבירגערטום, לעמאָשל, די אָנגעשטעלטע, אינזשענערן א. אַנד. שוין אינם פּעריאָד פֿונם קאַמף פֿאַר דער דיקטאַטור וועט אַ געוויסער טייל פֿון דידאָזיקע עלעמענטן אַריבערגיין צום פּראָלעטאַריאַט. נאָכן ניצאָכן פֿון דער רעוואָלוציע וועט דער פּראָלעטאַריאַט זיין אימשטאַנד נאָך מער אַקטיוו אויסנוצן דידאָזיקע גרופּן פֿאַרן סאָציאַליזם.

## די קאָלאָניאַלע פֿראַגע

דער III אינטערנאַציאָנאַל שטעלט פֿאַר זיין ציל פֿאַראייניקן די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע ראַסן און די אונטערדריקטע פֿעלקער פֿון אַלע לענדער. שוין מיט דעם גופֿע האָט די נאַציאָנאַלע און קאָלאָניאַלע פֿראַגע באַקומען אַ באַזונדערע וויכטיקייט.

אין זיין פּאָרטראַג אַף דעראָזיקער טעמע אַפֿן צווייטן קאָנגרעס האָט לענין אָנגעוויזן, אַז אַף דער וועלט זיינען פֿאַראַן לעכאָלאַפּאָכעס אָנדערהאַלבן מיליאַרד באַפֿעלקערונג, וואָס געפֿינען זיך אין קאָלאָניאַלער אָדער אַנדער עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פֿון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. און אין די אימפּעריאַליסטישע לענדער גופֿע איז פֿאַראַן בלויז אַ פֿערטל מיליאַרד באַפֿעלקערונג. אַ פֿערטל מיליאַרד עקספּלואַטירט פֿינף פֿערטל מיליאַרד — אָט דאָס איז די כאַראַקטעריסטישע אייגנטימלעכקייט פֿון אונזער עפּאָכע.

אַ לאַנד, וואָס האָט קאָלאָניעס, באַנוצט בענוגייע זיי אַלערליי עקספּלואַטאַציע־מיטלען. זי סטאַרעט זיך פֿאַרהאַלטן זייער עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג — צום ביישפּיל, די האַפֿנס און אייזנבאַנען ווערן געבויט אויסשליסלעך צוליב מיליטער־צוועקן אָדער קעדיי

דעם אימפּעריאַליסטישן לאַנד זאָל זיין באַקוועמער צו האַנדלען. די אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד ווערט אַף אַלערליי אויפן פאַרהאַלטן. די קאָלאָניע ווערט אויסגענוצט אַלס צושטעלער פון רויוואַרג און ביליקע אַרבעטס־הענט און אַלס אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די סכוירעם פונם אימפּעריאַליסטישן לאַנד און אַרט פאַר אַריינפירן קאַפּיטאַלן. די קאָלאָניע איז געצוואונגען מאַקריוו צו זיין מיט די אינטערעסן פון איר זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מין צוגאָב צו אַ צווייטער מעלוכע, אַ צוגאָב, וואָס באַזאָרגט אים מיט רויוואַרג (קויטשוק, בוימוואָל, נאַפט א. א.) און ברויט.

דער אימפּעריאַליזם טרעט אין די קאָלאָניעס אַרויס פאָשעט אַלס פּראָצענטניק און פּאַראַזיט. אָט די אונטערדריקונג פון די קאָלאָניעס ברענגט צו אַ שווערער לאַגע פונם פּויערטום און צו דער סאַמע שוידערלעכער עקספּלואַטאַציע פונם קאָלאָניאַלן פּראָלעטאַריאַט.

אָן דער באַפרייאונג פון די קאָלאָניעס איז אוממעגלעך בייצוקומען דעם אימפּעריאַליזם.

דער קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט דאַרף דעריבער זיין ענג פאַרבונדן מיטן קאַמף פון די קאָלאָניעס פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און מיטן נאַציאָנאַלן קאַמף פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער.

דער קאָמינטערן האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון די נאַציעס אַף זעלבסטבאַשטימונג ביז פולשטענדיקן אָפּטיילן זיך און שאַפן זעלבשטענדיקע מעלוכעס, ער האָט אינגאַנצן אָנגענומען די לאָזונגען פון די באָלשעוויקעס.

דער קאָלאָניאַלער פּראָבלעם האָט דער קאָמינטערן געווידמעט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און האָט געגעבן די קאָמפּאַרטייען קלאָרע דירעקטיוון.

אין די לענדער פונם אימפּעריאַליזם זיינען די קאָמפּאַרטייען מעכויעוו סיסטעמאַטיש צו העלפן די רעוואָלוציאָנערע פרייהייטס־באַוועגונגען אין די קאָלאָניעס. אין דער ערשטער ריי דאַרפן געבן דידאָזיקע הילף די אַרבעטער פון יענעם לאַנד, וואָס פון אים הענגען אָפּ די קאָלאָניעס. אַזוי, לעמאָשל, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט פון ענגלאַנד פאָדערן אָפּצורופן דאָס ענגלישע מיליטער פון אינדיע, אָפּזאָגן זיך פון טראַנספּאָרטירן דאָרט מיליטער און געווער.

אין די קאָלאָניאַלע און האַלבקאָלאָניאַלע לענדער גופע זיינען די קאָמפּאַרטייען מעכויעוו צו פירן אַ דרייסטן קאָנסעקווענטן קאַמף מיטן אויסלענדישן אימפּעריאַליזם און פּראָפּאַגאַנדירן איינצייטיק די אידייע פון אַ דערנעענטערונג און אַ בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. דאָרט דאַרף מען פּראָפּאַגאַנדירן און דורכפירן אין לעבן דעם לאָזונג אַגראַרע רעוואָלוציע (אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון די פּריצים).

פאַרשטאַרקנדיק די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, דאַרפן די קאָמוניסטן פון דידאָזיקע לענדער ברייט פּאַנאַנדערוויקלען די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס — די פּראָפּאַריינען און די פּויערשע רעוואָלוציאָנערע פאַרבאַנדן. אָפּהיטנדיק שטרענג די פולקאָמע זעלבשטענדיקייט פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי און באַפרייענדיק דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום פונם איינפלוס פון דער בורזשואַזיע, מעגן פונדעסטוועגן די פּאַרטייען שליסן צייטווייליקע אָפּמאַכן מיט איר, אַף וויפל זי שטערט ניט דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער און פּויערים און פירט ווירקלעך אַ קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם. דערביי דאַרפן די קאָמוניסטן פירן אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן אי=

דעאישן און פּאָליטישן קאַמף קעגן דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, אויפדעקן זיין האַלבעוודיקייט און ניטשטאַנדהאַפטיקייט.

קעמפנדיק פאַר דער זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציעס, האָט דער קאָמינטערן באַזונדערס פאַרצייכנט און פאַרורטיילט דעם שאָוויניזם און פאַראַכטונג צו אַנדערע פעלקער, וואָס באַגעגענען זיך באַזונדער אָפט באַ די הערשנדיקע נאַציעס.

דער קאָמינטערן האָט אַנטשיידן פאַרורטיילט אַלע קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן, ווי לעמאָשל, דעם אַנטיסעמיטיזם. ער האָט אָבער אויך אַנערקענט פאַר שעדלעך פּאַניסלאַמיזם און נאָך אַזוינע שטרעמונגען, וואָס פּרואוון זיך פאַרייניקן דעם נאַציאָנאַלן קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער מיטן קאַמף פאַר פאַרשטאַרקן די מאַכט פונם טערקישן אָדער אַ וועלכן ניט איז אַנדערן אימפּעריאַליזם.

דער ערפאָלג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין מאַירעוו און דער ניצאָכן פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין די קאָלאָניעס און אין די מיזרעך-לענדער וועלן געבן אַ ווירקלעכן אָנשפּאַר דער וועלט-רעוואָלוציע. דערביי וועט זיך פאַר די קאָלאָניעס און די פעלקער אין אַזיע באַקומען אַ מעגלעכקייט אויסצומיידן דעם קאַפּיטאַליזם און צוגיין דורך אַ ריי איבערגאַנגס-מאָסמיטלען צום סאָציאַליזם פון דער האַלבפעאָדאַלער אָרדענונג.

## די כינעזישע רעוואָלוציע

אַ באַזונדער באַדייטונג האָבן באַקומען פאַר דער לעצטער צייט די כינעזישע געשעענישן. אין כינע האָבן זיך קאָנצענטרירט די גרעסטע אינטערעסן פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. דער ערפאָלג פון דער כינעזישער רעוואָלוציע איז דעריבער אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער עקספּלואַטאַציע-סיסטעם פון די מיזרעך-לענדער און די קאָלאָניעס. ער פאַרשטאַרקט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס דעם ראַטנפאַרבאַנד און שאַפט אינם צענטר פון אייראָפּע און אַזיע אַ מעכטיקן מענטשלעכן מאַסיוו פאַרן ווייטערדיקן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אימפּעריאַליסטן קעמפּן פאַר זייער איינפלוס אין כינע און פאַר דערשטיקן מיט אַלע קויכעס די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע. קיין כינע זיינען געשיקט געוואָרן צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן און הונדערטער קריגס-האַרמאַטן. פּאַקטיש פירן די אימפּעריאַליסטן אַן עמעסע מילכאָמע מיט כינע.

די כינעזישע רעוואָלוציע האָט פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע אייגנטימלעכקייטן. זייענדיק אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, איז זי צוגלייך אויך אַ נאַציאָנאַל-באַפרייערישע, וואָס איז געצילט קעגן דעם אויסלענדישן אימפּעריאַליזם. דערמיט שליסט זי זיך צונויף מיט די רעוואָלוציעס פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער קעגן דעם אימפּעריאַליזם. די כינעזישע בורזשואַזיע איז שוואַך, זי הענגט אָפּ פונם אימפּעריאַליזם, איז אָנגעשראָקן פון דער אַרבעטערשער און פּויערשער באַוועגונג. די ראָלע פונם אָנפירער מיט דער רעוואָלוציע און פונם פירער פונם פּויערטום פאַלט דעריבער אַפן כינעזישן פּראָלעטאַריאַט. ער איז מער אָרגאַניזירט, איידער די בורזשואַזיע. וויכטיק איז אויך דאָס, וואָס זייט-באַ-זייט מיט כינע עקזיסטירט דער פעסטער ראַטנפאַרבאַנד, וואָס זיין רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונג און הילף קאָן פאַרגרינגערן דעם קאַמף פונם כינעזישן פּראָלעטאַריאַט.

דער כינעזישער קאָמפּאַרטיי איז אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן באַ זייער אַ קאָמפּליצירטער סיטואַציע. פֿון איין זייט, האָט זי געדאַרפֿט דורכפֿירן איר פּראָלעטאַרישע ליניע, פּאַרטיידיקן און אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער־קלאַס קעגן דער בורזשואַזיע א. א. וו. פֿון דער אַנדערער זייט, איז זי אַריין אין דער קליינבירגערלעכער פּאָליטישער פּאַרייניקונג — אינם גאָמינדאַן, ווייל זי האָט געדאַרפֿט אונטערשטיצן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס איז געווען געצילט קעגן די אימפּעריאַליסטן.

אונטערן איינפֿלוס פֿון דער קאָמפּאַרטיי האָט זיך דידאָזיקע באַוועגונג באַדייטנד פֿאַרשטאַרקט. פֿון קאַנטאָן האָט מען אָנגעהויבן דעם „צאָפֿנדיקן מאַרש“, וואָס אַדאַנק אים איז אַ היפּשער טייל צענטראַל־כינע אויפֿגעשטאַנען קעגן די פֿעאָדאַלן און אימפּעריאַליסטן.

דעמדאָזיקן צאָפֿנדיקן מאַרש, בעאיים וועלכן עס האָט עקזיסטירט דער בלאָק צווישן דער בורזשואַזיע, וואָס איז אַריין אינם גאָמינדאַן, און דער קאָמפּאַרטיי, האָבן די קאָמוניסטן אויסגענוצט אַף אָרגאַניזירן די אַרבעטער און פּויערשע מאַסן און פּראָפּאַגאַנדירן די אַגראַרע רעוואָלוציע. די צאָל אַרבעטער־מיטגלידער פֿון די פּראָפֿאַריינען האָט זיך אין איין יאָר פֿאַרדרייפֿאַכט (האָט דערגרייכט 3 מיליאָן), שטאַרק זיינען אויסגעוואַקסן די פּויערשע פֿאַרבאַנדן.

אינם מאָמענט פֿון די גרעסטע דערפֿאָלגן פֿונם צאָפֿנדיקן מאַרש האָט זיך די בורזשואַזיע דערשראָקן פֿאַרן וואוקס פֿון דער מאַסן־באַוועגונג און האָט זיך אַריבערגעוואָרפֿן אַף דער זייט פֿון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. דאָס האָט זיך, אַגעוו אויסגעדריקט אינם פֿאַראַט פֿונם הויפּט־קאָמאַנדיר טשאַן־קאַי־שי.

דער לינקער פֿליגל פֿונם גאָמינדאַן איז אַ געוויסע צייט געווען אין בונד מיט דער אַרבעטער־פּויערשער באַוועגונג, אָבער אינגיכן איז ער אויך אַוועק קעגן די אַרבעטער און פּויערים.

אין אָט דעם קאָמפּליצירטן פּעריאָד האָט אונזער אָפּאָזיציע געמאַכט די כינעזישע פֿראַגע אַלס געצייג אינם קאַמף קעגן דער פּאָליטיק פֿונם קאָמינטערן און פֿון אונזער צ״ק. נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צאָפֿנדיקער מאַרש. האָט זי געגומען פֿאָדערן, אַז די קאָמוניסטן זאָלן אַוועקגיין פֿון גאָמינדאַן, האַגאַם עס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז אין אַ פּויערשן לאַנד קאָן די קאָמפּאַרטיי בלויז אַריינגייענדיק אינם גאָמינדאַן פֿאַרווירקלעכן איר איינפֿלוס אַף די קליינבירגערלעכע מאַסן און דעראָבערן זיי פֿון אינעווייניק אַף איר זייט.

טראָץ דער מיינונג פֿון דער אָפּאָזיציע האָט דער אויספֿירקאָם פֿונם קאָמינטערן אָנערקענט, אַז דער בלאָק מיט דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע איז פֿאַר דער קאָמפּאַרטיי געווען אַבסאָלוט נויטיק אינם פּעריאָד פֿונם צאָפֿנדיקן מאַרש. אָבער נאָך טשאַן־קאַי־שיס פֿאַראַט, ווען די בורזשואַזיע איז בעפּיירעש אַריבער אינם לאַגער פֿון דער קאָנטר־רעוואָלוציע און דער לינקער פֿליגל פֿונם גאָמינדאַן האָט אַ קער געטאָן צו דער רעאַקציע, האָט דערדאָזיקער בלאָק געמוזט צעריסן ווערן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, איז נאָך מער דרינגענד געוואָרן פֿאַר דער כינעזישער פּאַרטיי דאָס אָרגאַניזירן די פּויערשע מאַסן און אָנפֿירן מיט זייער אַרבעט. ד י אַ ג=

ראַרע רעוואָלוציע איז געוואָרן דער גרונט־אינהאַלט פון דער נייער תקופע אין דער כינעזישער רעוואָלוציע.

די זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער אין קאַמף פאַר מאַכט האָבן ענדגילטיק אָפּגעשטויסן דעם גאָמינדאַן און לאַגער פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. דער לעצטער מעכטיקער שטורעם פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע איז געווען דער קאַנ־טאָנער אויפשטאַנד, וואָס איז געגאַנגען אונטערן לאָזונג פון סאָוועטן.

דער בלאָק פון די אימפּעריאַליסטן, בורזשואַזיע און פעאָדאַלן האָט דערלאַנגט שווערע קלעפּ דעם כינעזישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. הונדערטער קאָמוניסטישע פירער זיינען געקעפּט געוואָרן.

אָפּשאַצנדיק די לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין כינע מוז מען אנערקענען, אַז די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, איז ניט פאַרענדיקט ניט פונם עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט (ווייל עס איז ניט דורכגעפירט געוואָרן די אַגראַרע איבערקערעניש און עס איז ניט פאַרניכטעט געוואָרן די מאַכט פון די גוטסבאַזיצער און די פעאָדאַלע פאַר־העלטענישן), ניט פונם שטאַנדפּונקט פונם נאַציאָנאַלן קאַמף פונם לאַגד קעגן דעם אימפּעריאַליזם (עס איז נישטאָ קיין פאַרייניקונג פון כינע, עס איז ניט דעראָבערט געוואָרן איר אומאָפּהענגיקייט), ניט פונם שטאַנדפּונקט פון שאַפן אַ נייע מאַכט—די דעמאָקראַ־טישע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

די קאָמפּאַרטיי דאַרף זיך גרייטן צו אַ נייעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, וואָס וועט פאַקטיש שטעלן די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן און דורכפירן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. איצט ליגט דער שווערפּונקט אינם דעראָבערן די מיליאָנען מאַסן אַרבעטער און פּויערים, אין אויפקלערן זיי פּאָליטיש און אָרגאַניזירן זיי אַרום דער קאָמפּאַרטיי. די נאָענטסטע לאָזונגען פון דער פּאַרטיי זיינען: קאָנפיסקירן די פּריוואַטע ערד, אַכטשאָעדיקער אַר־בעטס־טאָג, די נאַציאָנאַלע פאַרייניקונג פון כינע און איר באַפרייאונג פונם יאָך פונם אימפּעריאַליזם, אַראָפּוואַרפן די עקזיסטירנדיקע מאַכט און שאַפן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, אָרגאַניזירן סאָוועטן.

די כינעזישע רעוואָלוציע וועט נאָך דורכגיין געגוג קאָמפּליצירטע עטאַפּן, זי וועט זיין איינע פון די הויפּט־פּראָבלעמען אינם גאַנצן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט און פּויער־טום קעגן אימפּעריאַליזם.

## אינדיע אונטער ענגלאַנד

לויט דער צאָל באַפעלקערונג (350 מיליאָן מענטשן) און לויט אירע נאַטור־רייכטי־מער איז אינדיע דער וויכטיקסטער טייל פון דער בריטישער אימפּעריע.

דאָס רוב באַפעלקערונג באַשטייט פון פּויערים, וואָס געפינען זיך אין אַ האַלב־שקלאַ־פישער לאַגע בײַ די פּריצים. נאָך דער מילכאָמע זיינען שטאַרק אויסגעוואַקסן אייניקע אינדוסטריע־צענטרען (באָמביי, קאַלקוטאַ), עס זיינען אויסגעוואַקסן די פּראָפּאַריינען און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

די אינדישע בורזשואַזיע, כאָטש זי דערקלערט, אַז עס איז נויטיק זעלבשטענדיקייט פאַרן לאַנד, אין דערעמעסן אָבער זוכט זי אַ העסקעם מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם אָפּ־צעשבן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן

אונטערקויפנדיק די פריצים און בורזשואזיע, נוצט ענגלאַנד אויס די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע סינע און דייסענישן צווישן די פילצאָליקע פעלקער אין אינדיע.

פאַר די לעצטע יאָרן איז באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן די צאָל און גרויס פון די אָר־בעטער־אַרויסטרעטונגען (שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס א. ד. גל.).

אין 1927 י. איז אין אינדיע פאָרגעקומען 129 שטרייקן מיט 131 טויזנט אָנטיילנע־מער און 2 מיליאָן פאַרלאָרענע אַדאַנק די שטרייקן טעג, און אין 1928 י. איז שוין פאָר־געקומען 203 שטרייקן מיט אַ האַלב מיליאָן אָנטיילנעמער און 31½ מיל. פאַרלאָרענע טעג. באַזונדערס פאַראַקשנט איז דורך דער שטרייק פון די באָמבייער טעקסטילער, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע כאַדאָשים. אין 1929 י. איז דער פאַראַקשנטער שטרייק־קאַמף, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דעמאָנסטראַציעס און צוזאַמענשטויסן מיטן מיליטער, אַליץ געוואַקסן.

די פויערשע באַוועגונג, וואָס איז דערשטיקט געוואָרן אַדאַנק דעם פאַראַט פון די האַלב־ליבעראַלע פירער־נאַציאָנאַליסטן, לעבט ווידער אויף.

באַפרייען די אַרבעטנדיקע פונם אימפּעריאַליסטישן יאָך איז מעגלעך בלויז דורך שאַפן אַ פאַרבאַנד פון די אַרבעטער, פויערים און רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אונ־טער דער אָנפירונג פונם פּראָלעטאַריאַט און זיין פּאַרטיי.

די אינדישע קאָמפּאַרטיי איז נאָך שוואַך און צעשטויבט. און די פּראָפאַריינען זייען שטאַרק די סאָציאַל־פאַרעטערישע פירער.

דער קאַמף פון די אינדישע אַרבעטער און פויערים איז, פונקט ווי די כינעזישע רע־וואָלוציע, אַן ערנסטע הראַאונג דעם וועלט־אימפּעריאַליזם.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס ענגלאַנד האַלט אינדיע אונטער אַ שטרענגער אויפ־זיכט פונם פלאָט, אַרמיי, פּאָליציי און טשינאָווניקעס.

# 5. דער קאַמף מיט אָפּנויגן אין קאָמינטערן

## די רעכטע אָפּנויגן

פונקט אַזוי ווי דער באָלשעוויזם איז אויסגעוואַקסן און זיך אויסגעבילדעט אינם קאַמף קעגן פאַרשיידענע מינים אָפּאָרטוניזם (עקאָנאָמיזם, מענשעוויזם, עסערן א. אַנד.), אַזוי שטאַרקט זיך אויך דער קאָמוניזם און וואַקסט אידייאיש אינם קאַמף קעגן די רעכטע און לינקע אָפּנויגן. פונקט אַזוי ווי אונזער פּאַרטיי, אַזוי איז אויך דעם קאָמינטערן אויס־געקומען, קעדיי אייגצוהיטן זיינע קרעפטן און די אייניקייט, אָפּהאַקן פון זיך אַ ריי אָר־גאַניזאַציעס און אַ ריי איינצלנע כאַווירים (צומאָלס זייער אָנגעזעענע).

די רעכטע אָפּנויגן אין קאָמינטערן באַדייטן אַ שטרעבונג אָפּצוטרעטן פון דער רעוואָ־לוציאָנערער מאַרקסיסטישער ליניע אין דער זייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס אין טאָך מיינט דאָס פאַרשטאַרקן און פאַרפעסטיקן דעם קאַפּיטאַליזם.

אַ טיפּישער רעכטער אָפּנויג איז געווען, לעמאָשל, די פּאָליטיק פון די זאַקסישע קאָמוניסטן אין 1923 יאָר (בראַנדלער א. אַנד.), ווען זיי האָבן געשלאָסן אַן ענגן בונד מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע לעשעם דעם לאָזונג אַרבעטער־רעגירונג און נאָכדעם

האָט זיי דיזעלבע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פּאַראַטן. דאָס איז געווען אַ ניט ריכטיקע אויסטייטשונג פונם לאָזונג אייגנהייטלעכער פראָנט. די רעכטע האָבן געמאַכט פון דעמדאָזיקן לאָזונג אַ גרונט פאַר אַ פּאָליטישן בונד מיט די פירער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אָבער די אויפגאַבע פונם לאָזונג איז געווען פאַרייניקן די פּראָלעטאַרישע אונטערשטע שיכטן, קעדיי צו באַפרייען די מאַסן פונם איינפלוס פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פירער, קעדיי צו קעמפן מיט דידאָזיקע אַגענטן פון דער בורזשואַזיע.

די כאַראַקטעריסטישע ספּעציפישקייט פונם רעכטן אָפּנויג איז זיין קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, קעגן די, לעמאָשל, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די מילכאָמע-אוואַנטיורעס פונם אימפּעריאַליזם. די רעכטע דערווידערן, לעמאָשל, קעגן דער אַקטיווער אַרבעט צווישן דעם מיליטער, קעגן די לאָזונגען פון ברידערן זיך מיט די אויפגעשטאַנענע קאָלאָניאַלע פעלקער. די פראַנצויזישע רעכטע, לעמאָשל, האָבן דערווידערט קעגן אַזאַ טאַקטיק פון דער קאָמפּאַרטיי בענויגייע צו מאַראָקאָ.

ביקלאַל דערשאַצן ניט די רעכטע די מילכאָמע-געפאַר און די נויטיקייט אַנטשלאָסן צו קעמפן מיט איר.

די רעכטע אין קאָמינטערן שטרעבן דערצו, די פּאַרטיי זאָל ניט אויוער זיין אַף דער בורזשואַזער לעגאַלקייט, ד. ה. זי זאָל ווי מעגלעך אויסמיידן אַנצוּנעמען אַזעלכע קאַמפס-מיטלען, וואָס זיינען ניט דערלויבט דורכן געזעץ.

די רעכטע מיידן אויס צו פאַרשאַרפן דעם קלאַסנקאַמף, בעאייס שטרייקן לעמאָשל, פירן ניט דורך קיין שטרייקן דאָרט, וואו עס איז פאַראַן אַ פולע נויטווענדיקייט דורכצופירן זיי און זוכן ביקלאַל אומעטום אַ פשאָרע.

ניט דערשאַצנדיק דאָס ליגקווערן פון די מאַסן, דערשאַצן די רעכטע ניט די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע ראָלע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, בעסויכאָם אויך איר ליגקן פליגל.

דער זעקסטער קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט אָנגעוויזן, אַז „דידאָזיקע רעכטע אָפּנויגן בעאייס עם עקזיסטירן נאָך פאַרהעלטנישמעסיק שטאַרקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען זייער געפערלעך, דער קאַמף מיט זיי דאַרף געשטעלט ווערן אַפן ערשטן פּלאַן; דאָס באַטייט אויך אַ סיסטעמאַטישן קאַמף מיט דער פשאָרעמאַכערישער באַציאונג צו די רעכטע שטרעבונגען אין קאָמינטערן“.

נאָכן קאָנגרעס האָט דער רעכטער אָפּאָרטוניסטישער פליגל זיך ווידער געלאָזט פילן. די טיילווייזע סטאַביליזאַציע פון קאַפּיטאַליזם, די עקזיסטענץ פון אַ שטאַרקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע איבערלעבענישן אין די קאָמפּאַרטייען גופע רופן אַרויס דעם רעכטן אָפּנויג.

אין די פראַגן פון דער צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק כאַזערט איבער דער רעכטער אָפּנויג די מאַיסע וועגן דעם, אַז דער קאַפּיטאַליזם ווערט „געזונטער“; ער פאַרדעקט די פאַרשאַרפונג פונם קאַפּיטאַליסטישן קריזיס, לייקנט אָפּ דעם פאַקט פון ניט שטאַנדהאַפטיקער סטאַביליזאַציע. גלייכצייטיק זעט ער ניט די רעוואָלוציאָנערע באַזונדערקייטן פונם „דריטן פעריאָד“ — דאָס ליגקער ווערן פון דעם אַרבעטער-קלאַס, דעם וואוקס פון דער צאָל שטרייקן, די ניצכוינעס פון די קאָמוניסטן בא די וואַלן פון די פאַבזאַווקאָמען און דייטשלאַנד, די שטורמישע מאַי-דעמאָנסטראַציעס, דער וואוקס פונם רעוואָלוציאָנערן קריזיס אין אינדיע א. א. וו.

די רעכטע לייקענען די אויפגאַבן צו מאָביליזירן די אַרבעטער־מאַסן (באַזונדערס די ניט אָרגאַניזירטע) צו זעלבשטענדיקן קאַמף קעגן דער פּראָפּאַריינישער ביוראָקראַטיע.

די רעכטע דערשאַצן ניט די נויטווענדיקייט באַזונדערס ענערגיש צו קעמפן קעגן דער „לינקער" סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און קעגן דער ביוראָקראַטישער אָנפירונג מיט די פּראָפּאַריינען.

אַזוי אַרום רעווידירן די רעכטע די גאַנצע לענינשע אָפּשאַצונג פון דער מאָדערנער עפּאָכע אַלס עפּאָכע פון מילכאָמעס און דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

דערדאָזיקער רעכטער אָפּנויג האָט זיך איצט באַזונדערס בוילעט אויסגעדריקט סיי אין אונזער פּאַרטיי, סיי אין דער דייטשישער, טשעכאָסלאָוואַקישער, אַמעריקאַנישער א. א.

דער קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג אין קאָמינטערן און קעגן דער פּשאָרעמאַכערישער באַציאונג צו אים איז איצט איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן.

דער קאָמינטערן האָט געפונען פאַר נויטיק אויסשליסן פון זיינע רייען אַ ריי פירער פון דער רעכטער שטרעמונג (בראַנדלער און טאַלהיימער אין דייטשלאַנד).

נאָכן אויסשליסן זיי פונם קאָמינטערן גייען די רעכטע געוויינלעך זייער שנעל אַריין אין דער סאָציאַל־דעמקאָראַטישער פּאַרטיי און ווייזן זיך דאָרט צומאָל אַרויס אַפילע נעענטער צום רעכטן ס.־ד. פליגל (לעמאָשל, דער שוועד העגלונד).

## די „לינקע" אָפּנויגן

זייער אַסאַך אָפּאָרטוניסטן אין די קאָמפּאַרטייען טרעטן אַרויס אונטערן צייכן פון לינקייט, האַגאַם אין טאָך געגומען זיינען סיי די לינקע און סיי די רעכטע פאַרשיידענע מינים קליינבירגערלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דערשיינונגען. דער לינקער אָפּנויג איז אַ מין שאָטן פונם רעכטן אָפּנויג.

די „לינקע" האָבן געפאָדערט מע זאָל אַוועקגיין פון די פּראָפּאַריינען און ניט באַטייליקן זיך אינם פּאַרלאַמענט, און לענין האָט געמוזט אָנשרייבן אַ ספּעציעלע בראָשור קעגן דערדאָזיקער קינדערשער לינקייט.

די לינקע האָבן דערווידערט קעגן דער טאַקטיק פון טיילווייזע פאָדערונגען, וואָס דערנידעריקן קלוימערשט די אַרבעטער־באַוועגונג.

די דאָזיקע אָפּנויגן האָבן אין טאָך געגומען אויסגעדריקט דעם קליינבירגערלעכן כאַראַקטער פון די לינקע, וואָס האָבן פאַרלאָרן די פעסטקייט און אויסגעהאַלטנקייט אין אַלע מאָמענטן פון די שווערע קערן אין דער געשיכטע און פון שווערע קלעפּ מיצאַד דעם קאַפּיטאַליזם.

די לינקע האָבן ניט באַנומען, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קאָן מע צוגרייטן בלויז מיט אַן אַקשאָנעסדיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, אַז אַף צו דעראָבערן די מאַסן מוז מען אויסנוצן אַלע קאָמפּליצירטע קאַמפּס־מעטאָדן — לעגאַלע און אומלעגאַלע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די לינקע פונקט ווי איינע רעכטע דערווידערן באַזונדערס קעגן אויסנוצן די דערפאַרונג פון די רוסישע רעוואָלוציעס אין דער אַרבעט פונם קאָמינטערן. זיי פּרואוון זיך דערווייזן, אַז די רוסישע רעוואָלוציעס אַלס אַזוינע, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אינם קאַמף קעגן דעם פעאָדאַ־

ליזם — לייבאַייגנטום, אונטערשיידן זיך ווערנטלעך פון די אַנקומענדיקע רעוואָלוציעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, וואָס זייגען געצילט קעגן דעם אימפּעריאַליזם. זיי לייגן אויך פאָר ניט באַלשעוויזירן די מאַירעוו-אייראָפּעאישע פּאַרטייען לויטן רוסישן מוסטער, נאָר פאַרקערט, איבערמאַכן אַביסל אונזער פּאַרטיי. דידאָזיקע טאַיגעס האָבן אין טאָך איין זין — די שטרעבונג אַרונטערצורייסן די אָנפירנדיקע באַדייטונג פון אונזער פּאַרטיי איגם קאָמינטערן און אָפּנויגן זיך פון לעניגס לערע וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און פון די אַנדערע פּרינציפּן פונם לעניניזם.

אַ באַזונדערס טרויעריקע ראָלע האָט געשפּילט די גרופּע דייטשישע לינקע — מאַסלאָוו, רוט פישער און קאַמפּ. זייער טעטיקייט האָט פון אָנהויב אָן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ רעבילעס-קאָמפּאַניע קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד און דער אַלק"פּ. זיי האָבן געגומען ריידן וועגן „רויטן אימפּעריאַליזם", וועגן דעם, אַז פּסס"ר טרעט קלוימערשט אַריין אין דער „פעלקער-ליגע", וועגן דעם קראַך פונם קאָמינטערן א. א. וו.

נאָכדעם, ווי מען האָט זיי אויסגעשלאָסן פונם קאָמינטערן, האָבן דידאָזיקע אַלע לינקע נאָך ענגער זיך דערנעענטערט מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן מיט געלט אונטערגעשטיצט די בלעטלעך פון די לינקע, ווייל זייערע העצעס קעגן דעם פּסס"ר און דעם קאָמוניזם (וואָס זיי פלעגן פאַרדעקן מיט ווערטער וועגן געטרייהייט צו מאַרקס און לענינס אידייע), זיינען געווען צוגעטראָפן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

די לינקע אין דייטשלאַנד זיינען אַפילע צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן פאָרמעל אַ נייע פּאַרטיי (לעניגבונד).

דידאָזיקע „אולטרא-לינקע" (עקסטרעם לינקע) זייגען נאָך ווייטער אַוועק פונם באַלשעוויזם. צוזאַמען מיט אונזער אָפּאָזיציע האָבן זיי גערעדט וועגן דער איבערגעבורט פון דער דיקטאַטור און וועגן דעם, אַז זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אָרגאַן פון די ניט פּראָלעטאַרישע קלאַסן, זיי האָבן באַשולדיקט דעם קאָמינטערן אין אַ דערנענטערונג מיט דער געלער (אַמסטערדאַמער) פאַראייניקונג פון די פּראָפאַראיינען, אין דעם, אַז ער טרעט ווייטער אָפּ פאַר דער בורזשואַזיע א. א. וו.

דערדאָזיקער קאַמף איז געווען אַן אָפענע הילף די סאָנים פונם קאָמינטערן און קוידעמקאָל די סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

באַשולדיקנדיק דעם קאָמינטערן אין רעכטע אָפּנויגן, האָבן די לינקע אַליין ניט בלויז געהאָלפן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר זיי זיינען אויך דירעקט געווען מיט איר פאַרבונדן. נאָכן קראַך פונם לעניגבונד זייגען אַ טייל לינקע אָפן אַריבער אין די רייען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

אין דעמדאָזיקן קאַמף פונם קאָמינטערן קעגן די לינקע און רעכטע אָפּנויגן האָט אַן אייגנאַרטיקע לאַגע פאַרנומען טראָצקי און זיינע אָנהענגער. פאַקטיש איז דער טראָצקיסטישער בלאָק אין דער אַלק"פּ(ב) געווען דער זאַמל-פונקט פאַר אַלע אָפּנויגלער און דער אָנשפּאַר פאַר זייער צעשפּאַלטערישער טעטיקייט. די טראָצקיסטן גופא האָבן זייער אַקטיוו אונטערגעשטיצט די פאַרבינדונג מיט די לינקע און רעכטע גרופּעס פונם קאָמינטערן, האָבן זיי באַזאָרגט מיט געהיימע דאָקומענטן און האָבן זיך געפּרואווט אַריבערטראָגן זייער אַרבעט אין אַלע קאָמפּאַרטייען.

טראָצקי האָט געהאָפט, אַז מיטן שאַפן אַ באַזונדער פּאַרטיי אין פסס"ר וועט זיך אים איינגעבן געפינען אָנהענגער צווישן אַלע אָפּאָזיציאָנערן פונם קאָמינטערן און צו־געבן זיין אַרבעט אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

דער קאַמף קעגן דעם טראָצקיזם אין אונזער פּאַרטיי איז געווען אייגנטלעך אויך אַ קאַמף קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָפּנייגן אינם קאָמינטערן.

דאָס אויסשליסן די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע פון דער פּאַרטיי האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ אויך די אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונגען אין אַנדערע קאָמפּאַרטייען און מיטגע־האָלפן דעם קאָמינטערן אין זיין קאַמף מיט די אַנטילענינשע אָפּנייגן אין די רייען פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

פּונקט ווי טראָצקי האַלטן אויך אונזערע רעכטע אונטער די רעכטע אין קאָמינטערן, די פּאַרטיי האָט זיי אָבער געגעבן אַן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד.

## 6. די צווישנפעלקערלעכע לאגע און די מילכאָמע־געפאר

### פאַרייניקטע שטאַטן

דער אַלגעמיינער קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם ווערט נאָך קאָמפּלי־צירטער אַדאַנק די אינערלעכע ווידערשפּרוכן צווישן באַזונדערע מעלוכעס, באַזונדערס צווישן די פאַרייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד.

די אַמעריקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטן האָבן נאָך דער מילכאָמע פאַרנומען אַ דאָ־מינירנדיקע לאַגע אין דער וועלט. פאַר דער מילכאָמע האָט אייראָפּע געהאַט העכער אַ העלפט פון אַלע גאָלד־זאַפּאַסן פון דער וועלט, איצט איז באַ איר געבליבן אַ דריטל, און די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן העכער אַ העלפט (55 פּראָצענט).

פריער זיינען די פאַרייניקטע שטאַטן געווען פאַרשולדיקט באַ די אייראָפּעאישע מע־לוכעס, איצט זיינען די אייראָפּעאישע מעלוכעס שולדיק די פאַרייניקטע שטאַטן 27 מי־ליאַרד גאָלד רובל און צאָלן אוים יערלעך גרויסע צינזן אַף דעקן דעם כויוו און די פּראָ־צענטן פאַר אים.

נאָך דער מילכאָמע האָבן די פאַרייניקטע שטאַטן געהאַט אַ מעגלעכקייט שנעל צו פאַרגרעסערן דאָס אַריינלייגן קאַפּיטאַלן אין אויסלאַנד. די אַנדערע לענדער (ענגלאַנד אַריינגערעכנט) איז אָדער זיי פאַרקלענערן דאָס אַריינלייגן קאַפּיטאַלן אין אויסלאַנד אָדער זיי פאַרגרעסערן זיי אין זייער אַ קליינער מאָס.

אינם געביט פון דער אינדוסטריע האָבן די פאַרייניקטע שטאַטן אויך שנעל פאַרגרע־סערט זייער כיילעק אין דער וועלט־פּראָדוקציע: זיי האָבן 72 פּראָצענט פון דער גאַנצער נאַפט, וואָס ווערט אַרויסבאַקומען אין דער וועלט, 60 פּראָצענט פון דער שטאָל־פּראָ־דוקציע, 55 פּראָצ. קופּער, 43 פּר. קוילן א. א. וו.

דער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפט־צענטער האָט זיך אַצינד אַריבערגעטראָגן אין די פאַרייניקטע שטאַטן. זייערע פּאָזיציעס האָבן זיך פאַרשטאַרקט אין דער גאַנצער וועלט. צפון־אַמעריקע פאַלט אַרונטער אונטער זייער ווירקונג, דאָס זעלבע איז אויך מיט

מיטל-אַמעריקע. קאַנאַדע און אַפילו אַוסטראַליע ציען זיך צו די פאַראייניקטע שטאַטן. די פאַראייניקטע שטאַטן מישן זיך אַקטיוו אַריין אין אַלע וועלט-באַציאונגען, פריער פאַר אַלץ אין די אייראָפּעאישע איניאָנים, אַמעריקא האָט פאַר די לעצטע יאָרן אַריינגעלייגט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן.

## ענגלאַנד

דערדאָזיקער וואוקס פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געגאַנגען אַפן כעשבן פון ענגלאַנד. ענגלאַנד לעבט איבער אַ יערידע. איר פּאָזיציע אַפן וועלט-מאַרק האָט זיך שטאַרק אַ וואַקל געטאָן. אין דעם זיינען פאַראַן אַ ריי סיבעס: די קאָנקורענץ צווישן אַמעריקע און יאַפּאָניע, די קאָלאָניאַלע אויפשטאַנדן, דער וואוקס פון דער אינדוסטריע אין די ענגלישע קאָלאָניעס, די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון דער ענגלישער אינדוסטריע, דאָס, וואָס קוילן (אַף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן ענגלאַנדס וועלט-באַדייטונג) ווערט פאַרביטן מיט אַנדערע מינים ענערגיע א. א. וו.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז אַפילו אין די ענגלישע דאָמיניאָנען און קאָלאָניעס שטויסן די פאַראייניקטע שטאַטן אַרויס ענגלאַנד. לעגאַבע דעם פאַרמילכאָמעדיקן פעריאָד האָבן זיי פאַרגרעסערט זייער אימפּאָרט אין ענגלאַנדס אַפריקאַנישע דאָמיניאָנען אין 3—4 מאָל, אין אַוסטראַליע — אין 4 מאָל, אין מיזרעך-אינדיע — אין 4 מאָל מער א. א. וו.

אין דער צייט ווען ענגלאַנדס כיילעק אינעם אַלוועלטלעכן קוילן-אַרויסבאַקום, שטאָלפּראָדוקציע, בוימוואָל-געברויך איז געפאַלן, איז דער כיילעק פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויסגעוואַקסן.

די ענגלישע אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך ניט, און ענגלאַנד גייט אַריבער פון דער קאַטעגאָריע אינדוסטריעלע לענדער צו דער קאַטעגאָריע לענדער, וואָס לעבן פון וואוכעריי, ד. ה. פון פּראָצענטן אַף די האַלוואָעס און קאַפּיטאַלן, וואָס זיינען אַריינגעלייגט אין אויסלאַנד, און אַף די האַכנאָסעס פון אייניקע מאָנאָפּאָלן (לעמאָשל, קאַוטשוק, נאַפט).

די יערידע פון דער אינדוסטריע און די פאַרמינדערונג פון ענגלאַנדס וועלט-ראָלע לאָזט זיך פילן אין דעם, וואָס עס פאַרערגערט זיך די לאַגע פונם אַרבעטער-קלאַס און עס פאַרשאַרפן זיך די קאָנפליקטן צווישן דער אַרבעט און קאַפּיטאַל.

קעדיי צוגרייטן זיך צום קומענדיקן צוזאַמענשטויס מיט די פאַראייניקטע שטאַטן, שליסט ענגלאַנד אָפּמאַכן מיט יאַפּאַן, פראַנקרייך א. א.

## דייטשלאַנד און פראַנקרייך

דייטשלאַנד האָט דערגרייכט אינגט זין פון אויפשטעלן און דעאָרגאַניזירן איר אינדוסטריע, דעריקער אַפן כעשבן פון די האַלוואָעס באַ אַמעריקע. זי שטייט אָבער פאַר די גרעסטע שוועריקייטן, ווייל זי איז געבונדן מיט קאָלאָסאַלע צאָלונגען, וואָס זי דאַרף מאַכן די לענדער—זיגער, און מיט צאָלן פּראָצענטן אַף די כויוועס (איר כויוו באַטרעפט באַ 5 מיליאַרד גאָלד-רובל). ניט געקוקט אַפן אויפבלי פון דער אינדוסטריע, הערט ניט אויף דאָס לאַנד צו ליידן פון אַ קאָלאָסאַלער אַרבעטלאָזיקייט.

פראַנקרייך האָט געוואַלדיק געוואונען פון דער מילכאָמע. פון אַ האַלב=לאַנדווירט=שאַפטלעכן לאַנד, וואָס האָט מייסטנס געלעבט פון פּראָצענטן אַף קאַפּיטאַלן, וואָס עס האָט אַריינגעלייגט אין אויסלאַנד הויפּטזאַכלעך אין דער פאָרם פון האַלוואָעס, איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאַרק אינדוסטריעל לאַנד, ווייל זי האָט פאַרכאַפּט די דייטשישע קוילנגרובן, אייזנאַרץ א. א. און באַקומען בײַ דייטשלאַנד מיליאַרדן רובל קאָנטריבוציע.

אָט די אינדוסטריאַליזאַציע גיט אַן אָנשפּאַר אויך דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין לאַנד האָבן זיך אויסגעבילדעט אַ ריי גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען מיט צענדליקער טויזנטער פּראָלעטאַריער. אַזאַ אינדוסטריעלער צענטער איז געוואָרן אויך די הויפּטשטאָט פונם לאַנד — פּאַריז.

גרייטנדיק זיך צו נייע קאַמפן מיט דייטשלאַנד, האָט פראַנקרייך געשלאָסן אַ מיליטערישן אָפּמאַך מיט בעלגיע.

## דער מיזרעך

פון די מיזרעך=מעלוכעס וואַקסט יאַפּאָניע זייער שנעל אַלס אינדוסטריעל לאַנד. איינצייטיק פאַרגרעסערט זיך אויך די קריגערישקייט פון אירע אימפּעריאַליסטן. איר אַריינדרינגען אין מיטל=כינע און מאַנטזשוריע פּרואווט זי זיך פאַרפעסטיקן אויך מיט מיליטערישע אַקציעס.

כינע איז געוואָרן דאָס אָרט פון אַן עמעסער וועלט=מילכאָמע. דער קאַמף פון די כינעזישע אַרבעטער און פּויערים קעגן די אימפּעריאַליסטן האָט געגעבן אַן אויסרייד די אייראָפּעאישע מעלוכעס פאַר אַ מיליטערישער אַריינמישונג קעגן דער כינעזישער רעוואָלוציע. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן אַ פאָשעטער צעטיילונג פון דעמדאָזיקן לאַנד. דער קאַמף צווישן די אימפּעריאַליסטן פאַר כינע קאָן ווערן דער אויסגאַנג=פּונקט פאַר אַ נייער וועלט=מילכאָמע.

אין אַנדערע מיזרעך=לענדער — אין אינדיע, פּערסיע, אַפגאַניסטאַן זעען מיר אַ וואוקס פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און אַ פאַרשטאַרקונג פון די באַציאונגען מיטן אייראָפּעאישן אימפּעריאַליזם.

אין אַפגאַניסטאַן האָבן די ענגלישע אַגענטן אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד קעגן דעם עמיר אמאַנולא, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער זעלבשטענדיקייט פון דעם לאַנד און פאַר דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אפגאַניסטאַן.

## די אַנוואַקסנדיקע ווידער־שפּרוכן פון דעם אימפּעריאַליזם

די לאַגע נאָך דער מילכאָמע האָט געבראַכט דערצו, וואָס די באַפעלקערונג איז באַדייטנד פאַראָרעמט געוואָרן און צוזאַמען דערמיט זייגען אויך פאַרקלענערט געוואָרן די אינערלעכע מערק אין אייראָפּע אָדער עס האָט זיך אָפּגעשטעלט זייער וואוקס. דעריבער איז דער קאַמף פאַר די מערק אַף אָפּזעצן די סכוירעס געוואָרן אַן אָרנטלעכע פראַגע פאַר אייראָפּע און אַמעריקע. אין דערזעלבער צייט איז פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן,

פֿאַר ענגלאַנד, יאַפּאַניע, טיילווייז פֿאַר פֿראַנקרייך און פֿאַר אַנדערע מעלוכעס זייער וויכטיק צו פֿאַרכאַפּן די געגנטן, וואו עס ווערט אַרויסבאַקומען רויוואַרג (נאַפֿט, קוילן, אַרץ, קאַוטשוק א. אַנד.) און וואו מע קאָן אויסנוצן קאַפּיטאַלן מיט אַ גרעסערן רעוואַך, איידער בײַ זיך אין היימלאַנד.

האָס ברענגט צו דעם, וואָס עס פֿאַרשטאַרקט זיך די קאָנקורענץ אינעם קאַמף צווישן די מעלוכעס.

איצט האָבן מיר אין דער גאַנצער וועלט אָן אַ שיר צוזאַמענשטויסן פֿון די אינטערעסן פֿון די פֿאַרשיידענע מעלוכעס.

עס גייט אַ קאַמף צווישן די פֿאַרייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד פֿאַר דער בכוירע אין דער וועלט. דערדאָזיקער קאַמף קומט פֿאַר סײַ אין אייראָפּע, סײַ אין אַזיע, סײַ אין דאָרעם=אַמעריקע, סײַ אין מעקסיקע. אין אייראָפּע זעען מיר אַ קאַמף צווישן די לענדער — זיגער (ענגלאַנד, פֿראַנקרייך) און דײַטשלאַנד. אָבער אין דערזעלבער צײַט זײַנען פֿאַראַן אויך בײַ ענגלאַנד מיט פֿראַנקרייך אַסאַך סיבעס פֿאַר מיינונגס=פֿאַרשיידנהייטן און צוזאַמענשטויסן.

אַף די באַלקאַנען גייט אַ קאַמף פֿאַרן אײַנפֿלוס צווישן ענגלאַנד, פֿראַנקרייך און איטאַליע.

עס זײַנען אָנגעצויגן די באַציאונגען בײַ דײַטשלאַנד מיט פּוילן. עס זײַנען פֿאַרשאַרפֿט די באַציאונגען בײַ רומעניע מיט אונגאַרן א. א. וו., א. א. וו.

עס גייט אַן אַ קאַמף צווישן ענגלאַנד, איטאַליע און פֿראַנקרייך איבער דער ראָלע אינעם מיטלענדישן יאַם און אַף זײַנע ברעגעס. איטאַליע וויל פֿאַרברייטערן אירע קאָלאָניאַלע באַזיצן, באַזונדערס פּרעטענדירט זי אַף יענע ראַיאָנען אַף די ברעגן פֿונעם מיטלענדישן יאַם, וועלכע געפֿינען זיך איצט בײַ פֿראַנקרייך (סיריע, טוניס, וואו עס זײַנען מער איטאַליענער, איידער פֿראַנצויזן).

דײַטשלאַנד פּרוּווט שמועסן מיקויעך אומקערן אירע קאָלאָניעס, וואָס זײַנען נאָך דער מילכאָמע צעטיילט געוואָרן דעריקער צווישן ענגלאַנד און פֿראַנקרייך.

נאָך שאַרפֿערע קאָנפֿליקטן ווײַזן זיך אַרויס אין מיזרעך. דאָ גייט אַ קאַמף קוידעמקאָל צווישן די פֿאַרייניקטע שטאַטן און יאַפּאַניע איבער דער ראָלע אינעם שטילן אָקעאַן, אין כינע און אַנדערע מיזרעך=לענדער.

דאָ (באַזונדערס אין כינע) פּרעטענדירט אויך אַף אַ גרויסע ראָלע ענגלאַנד, וואָס אירע אינטערעסן שטויסן זיך צונויף סײַ מיט די יאַפּאַנישע, סײַ מיט די אַמעריקאַנישע.

אין דאָרעם= און צענטראַל=אַמעריקע און אין מעקסיקע קעמפֿן די פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿאַר דער אויבערהאַנט, באַזונדערס קעגן דעם ענגלישן אײַנפֿלוס. אין צענטראַל=אַמעריקע פֿירן די פֿאַרייניקטע שטאַטן עמעסע מילכאָמעס. די פֿראַגע וועגן מילכאָמע מיט מעקסיקע האַלט מען אין איין באַהאַנדלען אין דער אַמעריקאַנישער פּרעסע.

אין דערזעלבער צײַט זעען מיר, אַז דער קאַמף פֿון די קאָלאָניעס קעגן די לענדער, וואָס עקספּלואַטירן זיי, נעמט אָן אַלץ אָפֿטער די פֿאָרם פֿון עמעסע אויפֿשטאַנדן און מילכאָמעס. לאָמיר דערמאָנען דעם קאַמף פֿאַר די לעצטע יאָרן אין סיריע, מאַראָקע און אין די האָלענדישע קאָלאָניעס (סומאַטרע) א. א. וו.

## די מילכאָמע-געפאַר

אַזוי אַרום שטייען מיר איצט, נאָך דער וועלט=מילכאָמע, נאָכן ווערסאַלער אָפּמאַך און נאָך די קאָלערליי צווישנפעלקערלעכע קאָנגרעסן, פאַר אַ גרעסערער מילכאָמע=געפאַר, איידער פריער. און אַלע בורזשואַזע לענדער פילן, אַז נייע מילכאָמעס, די צווייטע וועלט=מילכאָמע איז שוין נאָענט, און זיי גרייטן זיך צו זיי ענערגיש.

וועגן דעם דערציילן פאָלגנדיקע ציפערן. די צאָל פון די אַרמייען באַ די פינף הויפּט=לענדער (פאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, פראַנקרייך, יאַפּאָניע און איטאַליע) האָט פון 1913 יאָר ביז 1929 יאָר זיך פאַרגרעסערט פון 1.888 טויזנט ביז 2.145 טויזנט. זייערע מיליטערישע ביודזשעטן זיינען אויסגעוואַקסן פון 2 מיט אַ דריטל מיליאַרד גאָלד=רובל ביז 4 מיליאַרד. דערביי דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז אַ פאַר=מילכאָמע=דיוויזיע האָט געהאַט 24 קוילנוואַרפער, און אַצינד — 150—200 און אַכוץ דעם 340—800 האַנט=קוילנוואַרפער. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט אויך די איבעריקע טעכנישע אויסשטאַטונג פון דער אַרמיי.

די לופט=פלאָטן האָבן זיך פאַרגרעסערט לעגאַבע דער 1914 י. אין 10—12 מאָל. פראַנקרייך האָט אין 1914 י. געהאַט 138 אַעראָפּלאַנען, אַצינד האָט זי 1650.

פאַר דער לעצטער צייט וואַקסט אויך די צאָל און די גרויס פון מיליטער שיפן, די צאָל טאַנקען, די מיטלען פון כעמישער שוץ א. א. וו.

מע דאַרף נאָך פאַרצייכענען, אַז איינצייטיק ווערט אויך פאַרבעסערט די מיליטערישע טעכניק — די באָמבעפירער קאָנען איצט פאַרכאַפּן אַסאַך מער באָמבעס, איידער פריער. איין באָמבע קאָן כאָרעוו מאַכן עטלעכע קוואַרטאַלן, די קוילנוואַרפער לאָזן אַרויס מער קוילן אין אַ מינוט, די נייע האַרמאַטן שיסן אַסאַך ווייטער, איידער די פריערדיקע א. א. וו. די נייע מילכאָמע דראָט דעריבער מיט באַזונדערס שווערע אויפטרייסלונגען און כורבויגעס און מיט אומגעהויערע מענטשלעכע קאָרבאָנעס.

קעדיי צו פאַרדעקן זייער מילכאָמע=צוגרייטונג, קלייבן צונויף די אימפּעריאַליסטן פון צייט צו צייט אַנטוואָפענונגס=קאָמיסיעס, אָבער דידאָזיקע קאָמיסיעס פון דער פעלקער=ליגע זיינען בלויז אַ פּאָשעטע שירמע. ווען די ראַטן=רעגירונג האָט אַהינצו אַריינגעטראָגן איר פּראָעקט פוןווירקלעכער אַנטוואָפענונג, האָבן אים די מעלוכעס באַגראָבן. אָנשטאָט דעם שאַפן זיי אַן אָפּמאַך קעגן מילכאָמע, אָבער דערביי מאַכן זיי אַ באַמערקונג, אַז ער איז ניט כאַלי אַף די לענדער, וואָס זייער רעגירונג איז ניט אַלגעמיין=אַנערקענט (ד. ה. אַף פסס"ר, כינע א. אַנד.).

אין דערזעלבער צייט פירן זיי אַן עמעסע מילכאָמע אין כינע, ניקאַראַגואַ, און דערקלערן, אַז די פעלקער ליגע קאָן זיך אין דידאָזיקע מילכאָמעס ניט אַריינמישן.

# 7. פ.ס.ס.ר. צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס

## די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען

פסס"ר ווערט די הויפּט=געפאַר פאַרן אימפּעריאַליזם. אינם ראַטנפאַרבאַנד שטייט צוועלף יאָר באַ דער מאַכט דער פּראָלעטאַריאַט. באַ אונז האָט מען געמאַכט אַ טייל פון

די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און מע בויט דעם סאָציאַליזם. אונזער. ביישפּיל גיט דעם פּראָלעטאַריאַט אין די אונטערדריקטע פעלקער אַ גלויבן, אַז אויך פאַר זיי איז גיט וויט דער ניצחון. אונזער פּאַרטיי איז די אָנפירנדיקע פּאַרטיי פונם קאָמינטערן, די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס וואָלטן מיט פרייד געזען אונזער סאָף.

אָבער איצט זייגען זיי געצוואונגען אונטערצוהאַלטן מיט אונז עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציאונגען. פאַרוואָס?

פאַר די אייראָפּעאישע מעלוכעס איז פסס"ר אַ וויכטיקער מאַרק אַף איינקויפן רויוואַרג און ברויט און אַף אָפּזעצן זייער פּראָדוקציע. אין דער פאַרמילכאָמע-צייט פלעגט רוסלאַנד צושטעלן אַף די אייראָפּעאישע מערק העכער אַ פערטל פון אַלע ברויט-פּראָדוקטן, וואָס ווערן אַריינגעפירט אין אייראָפּע, באַ אַ פערטל געהילץ-מאַטעריאַל, 40 פּראָצענט פלאַקס א. א. וו.

עמעס, איצט האָבן זיך די דאָזיקע צאָלן באַדייטנד פאַרקלענערט, אָבער דאָך אַנטוויקלט אונזער פאַרבאַנד זיין עקספּאָרט און האָט פאַר אייראָפּע רייצנדיקע פּערספּעקטיוון, אַדאַנק אונזער שעפע פון אַלע מינים רויוואַרג — נאַפט, קוילן, מאַרגאַנעץ, פּלאַטינע, געהילץ, רויכוואַרג, פּיצוכט-פּראָדוקטן, לאַנדווירטשאַפטלעכע א. א. וו.

פון דער אַנדער זייט, זייגען מיר גאַנץ לויגבאַרע קוינים. פאַר אונזער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט זייגען אונז נויטיק מאַשינעס און אויסשטאַטונג, קאָלערליי רויוואַרג (בוימוואָל, קאַוטשוק), געברויכס-קעגנשטאַנדן, וואָס פעלן אונז אוים, וויסנשאַפטלעכע אינסטרומענטן, אויסשטאַטונג פאַר די עלעקטרישע סטאַנציעס, טראַקטאָרס, אַווטאָמאָבילן א. אַנד., א. אַנד.

אַף וויפל מיר פירן די אויפשטעלונג און רעאָרגאַניזירונג פון דער אינדוסטריע אין אַ אָנגעשטרענגטן טעמפּ, וועלן אונזערע באַשטעלונגען אין אויסלאַנד אינם נאָענטסטן פּעריאָד אַלץ מוזן וואַקסן.

פאַר אונז איז די ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונג אויך זייער וויכטיק. אָן איר וואָלטן מיר איצט נים געקאָנט באַנייען די אויסשטאַטונג פון דער אינדוסטריע, אויפהויבן די לאַנדווירטשאַפט א. א. וו. איצט פאַרקויפן מיר אין אויסלאַנד קאָלערליי סכוירעס אַף 700—800 מיליאָן טשערוואָנצעס-רובל אַ יאָר (באַ אַ האַלבן מיליאַרד גאָלד-רובל). אַזוי האָבן מיר אין 1926—1927 יאָר פאַרקויפט אַף 770 מיליאָן טשערוואָנצעס-רובל, דערין לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן (הויפּטזאַכלעך ברויט-קערנער טיילווייז פלאַקס) אַף 202 מיליאָן-רובל, באַלעבאַטים-צוכט-פּראָדוקטן (פּוטער, אייער א. אַנד.) אַף 109 מיליאָן רובל, נאַפט אַף 90 מיליאָן רובל, צוקער — אַף 30 מיליאָן רובל א. א. וו. אין 1927/28 איז די גרוים פון אונזער עקספּאָרט געבליבן קימאַט די זעלבע, מיר האָבן אָבער קימאַט אינגאַנצן נים אַרויסגעפירט קיין ברויט, דערפאַר אָבער באַדייטנד פאַרגרעסערט די אַנדערע עקספּאָרט-אַרטיקלען (לעמאָשל, וואַלד, נאַפט, אינדוסטריעלע סכוירעס).

מיר האָבן אין 1926—1927 יאָר איינגעקויפט בוימוואָל, וואָל, גאַרן א. ד. גל. אַף 220 מיליאָן רובל, קאָלערליי מאַשינעס (דערין אויך עלעקטרישע אויסשטאַטונג) אַף 144 מיליאָן רובל, כעמישע פּראָדוקטן אַף 42 מיליאָן רובל.

יעטווידער פאַרגרעסערונג פונם עקספּאָרט גיט אונז אַ מעגלעכקייט צו קויפן אין אויסלאַנד מער מאַשינעס און דערמיט פאַרגיכערן די איבעראויסשטאַטונג פון דער

אינדוסטריע. כוח דעם דערלויבט דאָס אונז צו פאַרגרעסערן אונזערע גאָלד־רעזערוון אינם לאַנד.

אין די יאָרן 1926—1927 האָבן מיר אַרויסגעפירט מער, איידער אַריינגעפירט אַף 55 מיליאָן רובל, ד. ה. מיר האָבן אַף דערדאָזיקער סומע פאַרגרעסערט אונזער געלט־רעזערוו.

די אייגנטימלעכקייט פון אונזער אויסערן האַנדל איז דאָס, וואָס מיר טרעטן אַרויס פאַר אויסלאַנד אין אַ איינהייטלעכן פראָנט און פירן די געשעפטן בלויז דורך אונזער האַנדלס־פאַרשטייערשאַפט. דערין איז דער מעהוס פון דער מאָנאָ־פאָל פונם אויסערן־האַנדל. די ראַטן־מעלוכע טרעט אַרויס אַלס אַן איינ־הייטלעכער פאַרקויפער און קוינע (מאָנאָפּאָליסט). קיינער קאָן ניט קויפן פאַר פסס"ר אָדער פאַרקויפן אונזערע סכוירעס אַכוץ דעם האַנדלס־קאָמיסאַריאַט. אויסמיידנדיק דעריבער די קאָנקורענץ פון אונזערע אָרגאַנען צווישן זיך, קאָנען מיר זיך דערשלאָגן בעסערע פרייזן און האַלטן פעסט די פרייזן אַף אונזערע סכוירעס.

די מאָנאָפּאָל פונם אויסערן־האַנדל היט אָפּ אונזער גאַנצעווירטשאַפט פון קאַפּי־טאַליסטישן אַריינדרינגען, דעריבער טאַקע קעמפן די אויסלענדער אַזוי פאַרביטערט קעגן אונז.

## קאָנצעסיעס

פאַר דער מילכאָמע איז אין דער רוסישער אינדוסטריע אַריינגעלייגט געווען באַ אנדערהאַלבן מיליאַרד גאָלד־רובל אויסלענדישע קאַפּיטאַלן. מיר האָבן פאַרניכטעט די רעכט פון די אויסלענדער אַף דידאָזיקע קאַפּיטאַלן. עמעס, די קאַפּיטאַליסטישע מעלו־כעס טוען פון צייט צו צייט אַ שמועס מיקויעך די פרעטענזיעס פון די געוועזענע אויס־לענדישע באַזיצער פון דאָנעצער שאַכטעס אָדער פון אוראַלער זאַוואָדן, אָבער מיר קלייבן זיך ניט אַנערקענען דידאָזיקע פרעטענזיעס.

מיר זיינען אָבער פאַרינטערעסירט, אַז די אויסלענדער זאָלן איצט אַריינלייגן זייערע קאַפּיטאַלן אין אונזער אינדוסטריע — באַזונדערס אין יענע צווייגן אָדער אין יענע ראַ־יאָנען, וואו אונז אַליין איז איצט שווער צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע. כוח דעם, איז אונז וויכטיק, אַז די אויסלענדער זאָלן אָרגאַניזירן די אונטערנעמונגען אַפן פאַרפול־קאָמסטן אויפן מיט די נייסטע מאַשינעס, מיט די בעסטע אינזשענערן, און אַזוי אַרום זאָלן זיי אונז לערנען אַוועקשטעלן דעם ביניען אַף אַ מוסטערהאַפטן, פונם טעכנישן שטאַנדפונקט, אויפן.

צוליב דעמדאָזיקן צוועק האָט די ראַטן־רעגירונג אָפּגעגעבן די אויסלענדער עטלעכע קאָנצעסיעס (פון די גרויסע וועלן מיר אָנרופן האַרימאַנס קאָנצעסיע אַף אַרץ־גרובן פון מאַרגאַנעץ אין גרוזיע, די קאָנצעסיע „לענאַ־גאָלד־פילד“ אַף די לענער גאָלד־פעלדער און אַנדערע).

לויט די קאָנצעסיע־אָפּמאַכן ווערן דידאָזיקע אַרץ־גרובן אָדער זאַוואָדן אָפּגעגעבן אין אַרענדע די אויסלענדער אַף 30—50 יאָר. די קאָנצעסיאָנערן פאַרפליכטן זיך צו צאָלן אונז אַ באַשטימטן געצאָלט (געוויינלעך אַ % פונם אַלגעמיינעם אַרויסבאַקום אָדער פון

דער אויסאַרבעטונג), אַריינלייגן באַשטימטע קאַפּיטאַלן, אויסבויען זאַוואָדן, אַריינפירן אויסשטאַטונג א. אַנד.

נאָכן סאָף פונם טערמין גייען אַריבער די קאָנצעסיעס מיט אַלע אויסגעבויטע זאַוואָדן און אייזנבאַנען אינם פולשטענדיקן באַזיץ פון דער ראַטן־רעגירונג.

אַזוי אַרום ברענגען די קאָנצעסיעס אונזער אינדוסטריע און דער גאַנצער ווירטשאַפט אַ בעפיירעשן נוץ. דאָס איז אויך איינע פון אונזערע ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

## די פּאָליטישע פאַרבינדונגען

די קאַפּיטאַליסטישע לענדער זיינען געווען פאַרינטערעסירט אָנצוהויבן מיט אונז אַ האַנדלס־אויסטויש, דעריבער איז זיי נויטיק געווען איינצושטעלן מיט אונז אויך פּאָליטישע פאַרבינדונגען, צוערשט האָט מען אונז אנערקענט פאַר אַ פאַקטישער רעגירונג, ד. ה. אַלס רעגירונג, וואָס פירט אָן אין דער ווירקלעכקייט („דע־פאַקטאָ") מיטן לאַנד. נאָכדעם האָט מען אונז אנערקענט אויך אַלץ פולקאָם געזעצלעכע רעגירונג, וואָס שטייט מיט רעכט („דע־יורע") באַ דער מאַכט.

איצט האָבן באַ 25 רעגירונגען איינגעשטעלט מיט אונז אַזוינע שטענדיקע פאַרבינדונגען, מיר האָבן אין דידאָזיקע לענדער אונזערע פולמעכטיקע פאָרשטייער, זיי האָבן באַ אונז זייערע געזאַנדטע, פון די גרויסע מעלוכעס האָבן ניט קיין פּאָליטישע פאַרבינדונגען מיט אונז די פאַרייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד. פון די קלענערע מעלוכעס האָבן מיט אונז ניט אויפגעשטעלט קיין פאַרבינדונג שפּאַניען, רומעניע, יוגאָסלאַוויע, האָלאַנד, בעלגיע און אייניקע אַנדערע.

מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט אונז אַנערקענט, איז געווען אַפגאַניסטאַן. ביכלאַל געפינען מיר זיך מיט דעמדאָזיקן לאַנד, פונקט אַזוי ווי מיט אייניקע אַנדערע מיזרעך־לענדער (לעמאָשל, מיט טערקיי), אין פריינטלעכע באַציאונגען.

נאָך דעם ווי מיר האָבן איינגעשטעלט נאָרמאַלע באַציאונגען מיט די אויסלענדישע מעלוכעס שטרעבן מיר צו דערשלאָגן זיך פעסטע גאַראַנטיעס, אַז זיי וועלן ניט אונטערשטיצן קיין פיינטלעכע אַקציעס קעגן אונז און וועלן ניט אָנהויבן קיין מילכאָמע. דעריבער האָבן מיר פאָרגעלייגט אַלע לענדער אונטערצושרייבן אָפּמאַכן וועגן ניט אָנפאַלן. אייניקע מעלוכעס (לעמאָשל, דייטשלאַנד, טערקיי, ליטע) האָבן אונטערגעשריבן אַזוינע פאַרפליכטונגען, אָבער אַ ריי אַנדערע דרייען זיך אונטער פאַרשיידענע אויסריידן אויס, האַלטנדיק פאַר בעסער צו האָבן פרייע הענט (פוילן, לעטלאַנד, פינלאַנד א. אַנד.). עמעס, זיי האָבן צוזאַמען מיט אונז געכאַסמעט דעם „מאַסקווער פּראָטאָקאָל", ד. ה. זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן צום קעלאָג־פּאַקט, וואָס אַנטהאַלט פאַרשיידענע היסכאַייוועסן אַף אונטערצוהאַלטן שאָלעם. ס'איז אָבער קלאָר, אַז דידאָזיקע „פּראָטאָקאָלן" ראַטעווען אונז נאָך ניט פון מילכאָמע.

אין אונזער אויסערן־פּאָליטיק שטרעבן מיר צו פאַרפעסטיקן פריינטלעכע פאַרבינדונגען צווישן די פעלקער און מיטהעלפן די האַנדלס־באַציאונגען, וואָס זיינען נוצלעך פאַר דעם ווירטשאַפטלעכן וווקס פון פסס"ר. מיר פירן אַ ענערגישן קאַמף פאַר פאַרשטאַרקן דעם שאָלעם און מיר שטיצן אַלע מאַסמיטלען, וואָס זיינען דערצו געצילט.

אונזער דיפּלאָמאַטיע קומט אויס צו פירן איר אַרבעט באַ קאָלאָסאַלע שוועריקייטן און געפאַרן, אַ ריי דיפּלאָמאַטן אונזערע (וואָראָווסקי, וואָיקאָוו) זיינען אומגעקומען פון די קוילן פון געדונגענע מערדער.

## דער קאַמף קעגן פסס"ר

אונזערע פרידלעכע פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס דאַרף מען באַטראַכטן בלויז אַלס צייטווייליקע, אַלס אַ גרויסן אָטעם־איבערכאַפּ. עס איז קלאָר, אַז די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס דולדן אונז נאָך דערווייל, ווייל זיי האָבן זיך נאָך ניט אָנגענומען מיט קויכעס און זיינען ניט זיכער אינם לייכטן ניצאָכן איבער אונז.

אָבער די גאַנצע פּאָליטיק פון דער מערהייט פון דידאָזיקע מעלוכעס באַשטייט אין צוגרייטן אַ אָנפאַל אַף אונז.

זיי זעען קלאָר, אַז דער האַנדל מיט אונז, וואָס לוינט זיך, עמעס, אויך פאַר זיי, פירט צו אונזער ווייטערדיקער פאַרשטאַרקונג. שוין איצט שטעלן מיר אויף אונזער אינדוסטריע אַסאַך שנעלער, איידער אין אייראָפּע. אונזער אינדוסטריע, לעמאָשל, פאַרגרעסערט איר פּראָדוקציע פאַר די לעצטע יאָרן אַף 15—20 פּראָצענט אַ יאָר, און אין מאַירעוו איז דערדאָזיקער וואוקס בלויז עטלעכע פּראָצענטן.

כוץ דעם, זעען די קאַפּיטאַליסטן, אַז באַזונדערס פאַרשטאַרקט זיך גראָד דער סאָציאַליסטישער טייל פון אונזער פאָלקס־ווירטשאַפט (די אינדוסטריע, דער טראַנספּאָרט, די קאָאָפּעראַציע, די קאָלווירטן א. אַנד.), ד. ה. באַ אונז ווערט ווירקלעך פאַרפעסטיקט דער סאָציאַליזם.

ענדלעך, קאָנען זיי שוין ניט אָפּלייקענען, אַז מיר פירן איין דעם 7־שאָאיקן אַרבעטס־טאָג, בעאיים אַלע מעלוכעס פאַרלענגערן דעם אַרבעטס־טאָג, אַז דער אַרבעטלוין וואַקסט באַ אונז, דער אַרבעטער האָט זיך גענומען דערנערן און קליידן בעסער א. א. וו.

דאָס איז אַ צו געפערלעכער ביישפּיל פאַרן איירעפּעאישן אַרבעטער, די אימפּעריאַליסטן פאַרשטייען, אַז אויב מיר וועלן אַזוי וואַקסן עטלעכע יאָר אָן אַ מילכאָמע — וועלן מיר באַווייזן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ נאָך מער מעכטיקערע סאָציאַליסטישע מעלוכע. זיי איילן זיך דעריבער וואָס גיכער צו בילדן אַ בלאָק (בונד) קעגן אונז, קעדיי דורך אַ מילכאָמע, דורך בלאָקאַדע און אינערלעכע שוועריקייטן אַרונטערצורייסן אונזער אַנטוויקלונג.

די הויפּט איניציאַטאָרן אינם שאַפן אַ בונד קעגן אונז זיינען די ענגלישע קאָנסערוואַטאָרן (די פּאַרטיי פון די גרויסע באַנקירן, אינדוסטריעלער און גוטבאַזיצער). דידאָזיקע פּאָליטישע גרופּע האָט באַזונדערס פאַר אונז מוירע, ווייל זי ציטערט פאַר אונזער איינפלוס אַפן מיזרעך. זי וויים, אַז אויב אירע אַזיאַטישע קאָלאָניעס (באַזונדערס אינדיע) וועלן אויפשטיין, וועט נעמען אַ סאָף צו איר מאַכט. אָנשטאָט דער בריטישער אימפּעריע מיט אַ באַפעלקערונג פון העכער 400 מיליאָן מאַן, וועט בלייבן בלויז ענגלאַנד אַליין מיט 50 מיליאָן מאַן.

אָקשאָנעסדיק זוכט ענגלאַנד פאַרבינדעטע, וואָס זאָלן נאָר מאַסקים זיין צו גיין אין שלאַכט קעגן אונז. אַזוי ווי זי האָט ליב צו פירן אַ מילכאָמע מיט פרעמדע הענט (אַפילע

אינדיע האָט זי דעראָבערט מיט דער הילף פון אַרמגעבירטיקן מיליטער צעפלאַקערנדיק די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע סינע), רעכנט זי באַזונדערס אויס אַף דער הילף פון פוילן, עסטלאַנד, לעטלאַנד, רומעניע א. אנדערע מעלוכעס, וואָס גרענעצן מיט אונז.

די עקזיסטענץ פון פסס"ר און זיין פאַרשטאַרקונג איז די גרעסטע געפאַר פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. זי באַווייזט, אַז אַנשטאָט דעם קאַפּיטאַליזם קומט אַ נייע אָרדענונג, וואָס האָט זיך באַפעסטיקט אין אַ זעקסטכיילעך פון דער וועלט.

מיר דאַרפן וויסן, אַז די אימפּעריאַליסטן וועלן זיך אומפאַרמיידלעך וואַרפן אין שלאַכט קעגן אונז און וועלן אונז אָנבינדן אַ מילכאָמע. דאָס באַווייזן די לעצטע געשעענישן: דער אָנפאַל פון באַסמאַטשעס אַף אונזערע מיטלאַזיאַטישע רעפּובליקן, דער באַנדיטישער אָנפאַל אַף דער מיזרעך-כינעזישער אייזנבאַן זיינען סימאָנים פון אַ נייעם פּרואוו אָנפאַלן אַפן פסס"ר און אָראָפּרייסן אונזער סאָציאַליסטישע בויאונג. מיר דאַרפן פאַרבלייבן אַף דער וואַך. די מילכאָמע איז עפּשער גאָר נאָענט.

## זיי גרייט!

די וועלט-רעוואָלוציע וועט זיך צונויפגיסן פון צוויי שטראָמען: פונם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט אין אייראָפּע און אַמעריקע און פונם באַפרייאונגס-קאַמף פון די פעלקער, וואָס דער קאַפּיטאַליזם דריקט און שטיקט זיי (אינדיע, כינע, אינדאָנעזיע, אַפריקע א. אנד.). אין אַט די לענדער איז די הויפּט-מאַסע באַפעלקערונג דאָס פּויערטום. אין אַ היפּשן טייל טראָגן זיי אַף זייערע פּלייצעס דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג. דער פּראָלעטאַריאַט איז אין די דאָזיקע לענדער נאָך קיין גרויסער, אָבער ער הויבט שוין אָן צו שפּילן די ראָלע פונם פירער פון דער פּויערשער באַוועגונג. ווי בא אונז אין לאַנד האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט דערשלאָגן אַ ניצאָכן דורך דעם, וואָס ער האָט געפירט נאָך זיך דאָס אָרעמסטע פּויערטום, אַזוי פירט אָן דער פּראָלעטאַריאַט מיטן קאַמף פונם פּויערטום אויך אין די רעוואָלוציאָנערע וועלט-שלאַכטן.

דער פּראָלעטאַריאַט פון אונזער פאַרבאַנד דאַרף אויפמערקזאַם אַכטונג געבן אַף די דאָזיקע שלאַכטן פון זיינע כאַווערים און ברידער אין דער איבעריקער וועלט. די קאַפּיטאַליסטן גרייטן אַ מילכאָמע קעגן אונז. זיי ווילן דערשטיקן אין דער גאַנצער וועלט די אַרבעטערשע און פּויערשע באַוועגונג, וואָס איז געצילט קעגן דער עקספּלואַטאַציע, קעגן דעם אימפּעריאַליזם.

יעדער פּראָלעטאַריער דאַרף געדענקען, אַז בלויז אין ענגן בונד מיטן וועלט-פּראָלעטאַריאַט און מיט די אונטערדריקטע פעלקער וועלן מיר זיין בעקויעך צו פאַרמיידיקן אונזער סאָציאַליסטיש לאַנד און אָפּהאַלטן אַ פולשטענדיקן ניצאָכן איבער דעם קעגיגרייך פון עקספּלואַטאַציע.

עס איז נאָענט די שאַ פונם אַנטשיידענעם שלאַכט.
זיי גרייט!

## קאָנטראָל-פראַגן

1. פאַרוואָס איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די קאָלאָניאַלע און האַלב-קאָלאָניאַלע לענדער אַ באַשטאַנד-טייל פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט-רע-וואָלוציע?

2. וואָסערע באַציאונגען דאַרפן זיין באַ אונזערע ברידערלעכע קאָמפּאַר-טייען מיטן פויערטום פאַר און נאָכן פאַרכאַפּן די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט?

3. וועלכע אויפגאַבן שטייען פאַר די קאָמפּאַרטייען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע-געפאַר, און באַזונדערס מיט דער געפאַר פון אַן אימפּעריאַליסטי-שער אינטערווענץ אַף פסס"ר?

4. פאַרוואָס איז איצט די רעכטע געפאַר די הויפּט-געפאַר אין קאָמינטערן?

## אופגאַבן

1. זאָל דער פּראָפּאַגאַנדיסט אָרגאַניזירן, אַז די צוהערער זאָלן דערלערנען די גאַנצע אַרבעט פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס אַף די אונטערנעמונגען איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציאונג פון די אַרבעטער-מאַסן (קאַמפּאַניעס פאַר צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט, פאַרטראַגן אַף צווישנ-פעלקערלעכע טעמעס, אופקלער-אַרבעט פון די פאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, קלובן, פאַבקאָמען א. א. וו. וועגן דער מילכאָמע געפאַר, קלאָר מאַכן די שטי-מונגען פון נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט און די אַרבעט אַרום דעם א. ד. גל.). דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל באַהאַנדלט אַף די לימודים, די אויספירן און וואונטשן פון די צוהערער גיט איבער דער ביוראָ פון קעמערל.

## ליטעראַטור


1. ל ע נ י ן. — „פינף יאָר רוסלענדישע רעוואָלוציע און די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט-רעוואָלוציע". לענין-ביבליאָטעק, ב. VII, ט. 2, (אידישע אויס-גאַבע), ז"ז. 73—88.

2. פּ ר אָ ג ר אַ ם  פ ו ן  ק אָ מ י נ ט ע ר ן, IV פאַנאַנדערטייל, פּאַראַגראַף 2 ז. 93 „די גרונט-אויפגאַבן פון דער קאָמוניסטישער סטראַטעגיע און טאַקטיק".

3. ס ט אַ ל י ן — „וועגן דער רעכטער געפאַר אין קפ"ד (זשורנאַל „באָלשע-וויק" נומ. 23—24 פון 1928).

# אינהאלט